# דיא קליינע מענשעלעך

דאָ ווערט בעשריעבען דיא רייזע פון דעם בערידהמטען גוליווער אונטער מענשעלעך אַזוי קליין וויא אונזערע פינגער.

— פון —

## יאנאטהאן סוויפט.

פרייא איבערזעטצט אויס דעם ענגלישען פון

ד. מ. הערמאלין.

**פרייז 10 סענט.**

פערלאג פון

מאיר חינסקי, 19 לודלאו סטריט,

ניו יארק.

Published by

M. Chinsky, 19 Ludlow Street,

NEW YORK.

# די קליינע מענשעלעך

---

קאפיטעל 1.

דער פערפאַסער גיבט אָב אַ בעריכט איבער זיין אייגענער פערזאָן. — זיין ערשטע נייגונג צום רייזען. — דיא שיף ווערט צערבראָכען אונד ער שווימט אַרויס אונד רעטעט זיין לעבען. — ער גרייכט דעם ברעג אונד קומט אָן אין ליליפוט לאַנד. — ער ווערט געפאַנגען אונד אַוועק געפיהרט.

---

מיין פאטער האט געהאט א גוט אין נאָטטינגהעמשייר (ענגלאנד); איך בין געוועזן דער דריטער פון זיינע 5 זיהן. ער האט מיך אוועק געשיקט לערנען אין עמאנועל גימנאזיום פון קעמברידזש, ווען איך בין אלט געוועזן 15 יאָהר. דאָרט בין איך פערבליעבען 3 יאָהר אונד איך האב פלייסיג שטודירט. אָבער ניט קענענדיג מיך אויסהאלטען אלס סטודענט, בין איך אנגעשטעלט געוואָרען בייא א געוויסען הערר דזשיימס בייטז, א בעריהמטער לאָנדאָנער דאָקטאָר, אונד איך בין דאָרט פערבליעבען דרייא יאָהר. מיין פאטער פלעגט מיר אונטערדעסען צו שיקען קליינע סומען געלד, אונד איך האב דאס פערווענדעט אום צו שטודירען דיא קונסט פון פאָהרען אויף'ן ים. וויא אויך חכמת־החשבון וואס איז נעטהיג צו אזא פאַך. איך האב מיר אימער פאָרגעשטעלט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען איך וועל דאס אלעס בענעטהיגען צו וויסען.

ווען איך בין ארויס פון הערר בייטז, בין איך אוועק צוריק צו מיין פאטער. ער אונד מיין אָנקעל דזשאָהן וויא אויך אונזערע קרובים, האבען מיר געגעבען 40 פונט שטערלינג, אונד מיר פערשפראָכען נאך 30 פונט א יאָהר ווען איך וועל

שטודירען אין ליידען איך בין אוועק געפאָהרען נאך ליידען, וואו איך האב גע־שטודירט פיזיק 2 יאָהר מיט 7 מאָנאט, אימער רעבענענדיג, אז דיעזע וויסענשאפט וועט מיר נעטהיג זיין אויף מיינע רייזען.

נאכדעם וויא האב צוריק געקעהרט פון ליידען, האט מיך מיין אלטער בעל־הבית, הערר בייטז, רעקאָמענדירט אלס דאָקטאָר פיר דער שיף „סוואלאָו," וואו קאפיטאן אברהם פאננעל איז געוועזן קאָמאנדאנט. מיט דיעזער שיף בין איך ארום געפאָהרען 3 יאָהר, רייזענדיג נאך לעוואנט אונד אנדערע געגענדען. ווען איך בין צוריק געקומען, האב איך בעשלאָסען מיך צו בעזעטצען אין לאָנדאָן. הערר בייטז, מיין אלטער בעל־הבית, האט מיך אויך דערצו געראטהען, אונד דורך איהם בין איך רעקאָמענדירט געוואָרען צו עטליכע פאציענטען.

איך האב געדונגען א טהייל פון א הויז אין דער אָלד דזשיורי גאס. נאכדעם וויא מען האט מיך געראטהען איך זאָל גענצליך פערענדערן מיין צושטאנד, האב איך חתונה געהאט מיט פריילין מיירי באָירטאָן, דיא צווייטע טאָכטער פון הערר עדמונד באָירטאָן, א קויפמאן פון דער ניו גייט שטראסע. צו דער חתונה האב איך געקריעגען א נדן פון 400 פונט שטערלינג.

אָבער מיין גוטער בעל־הבית בייטז איז מיט 2 יאָהר שפעטער געשטאָרבען, אונד איך, ניט האבענדיג קיין סך פריינד, האט עס מיר אָנגעהויבען צו געהען ניט אמבעסטען אין דיא געשעפטען. איך מוז דאָ מודה זיין, אז מיין געוויסען האט מיר ניט ערלויבט נאכצוטהון דיא אנדערע דאָקטוירים, וועלכע האבען געשווינדעלט אונד גענאַרט. נאכדעם וויא איך האב מיך בעראטהען מיט מיין פרוי אונד מיט מיינע בעקאנטע, האב איך בעשלאָסען ווידער צו רייזען אויף'ן ים.

איך בין געוועזן ארצט אויף 2 שיפען, אונד געמאכט מעהרערע רייזען וועהרענד א צייט פון 6 יאָהר. איך בין געפאָהרען נאך דיא אָסט אונד וועסט אינדיעס, אונד איך האב דאדורך אביסעל פערגרעסערט מיין פערמעגען.

מיינע לעערע שטונדען, פלעג איך פערברענגען אין לעזען דיא ביכער פון דיא בעסטע פערפאסערס פון אלטע אונד נייע צייטען, ווייל איך האב אימער מיט מיר געפיהרט א סך ביכער. זייענדיג אויף דער יבשה, האב איך געשטודירט דאס לעבען פון דיא מענשען אונטער וועלכע איך בין געקומען אונד אויך געלערענט זייערע שפראכען. צו שפראכען האב איך איבערהויפט געהאט גרויסע פעהיגקייטען, ווייל איך האב בעזעסען א גוטען כח־הזכרון.

מיין לעטצטע רייזע האט מיר ניט געבראכט קיין גרויסען פערדיענסט, אונד איך בין מיעד געוואָרען פאָהרענדיג אויף'ן ים. איך האב אלזאָ בעשלאָסען צו

בלייבען צו הויז נעבען מיין פֿרוי אונד קינדער. איך האב מיך ארוים געצווינגען פֿון אַלד דזשיורי נאך פֿעלטער ליין, דאַן נאך וואפּפּינג, האפּפענדיג צו געפינען פּאַציענטען אונטער דיא מאטראָזען, אָבער עס איז מיר ניט געגאַנגען.

נאך דרייא יאהר לעבענדיג מיט האָפנונג אז עס וועט בעסער ווערען, האב איך ווידער אָנגענומען א שטעלע פֿון קאפּיטאַן וויללייאם פּריטשארד אויף דער שיף „אנטעלאָפּ," וועלכע פֿלעגט פֿאָהרען אויף דעם זיד־ים. מיר האבען אָבגעזעגעלט פֿון בריסטאָל אם 4־טען מאי 1699, אונד אונזער רייזע איז אין אנפאנג געוועזען זעהר א גליקליכע.

עס איז ניט נעטהיג צו בעלעסטיגען דעם לעזער מיט דיא איינצעלהייטען איבער דיא רייזען אויף דיזע ימים; עס איז גענוג צו דערצעהלען, אז אויף דער רייזע נאך דיא וועסט אינדיעס, זיינען מיר פֿערוואָרפֿען געוואָרען דורך א שרעקליכען שטורם נאך נאָרד־וועסט פֿון וואן דיעמען'ס לאנד. 12 פֿון אונזער מאנשאַפֿט זיינען געוועזען טויט פֿון דער אונערטרעגליכע ארבייט אונד שלעכטע נאהרונג; דיא איבריגע זיינען געוועזען זעהר שוואך.

אם 5־טען נאָוועמבער, וועלכעס איז דער אנפאנג זומער אין יענע געגענדען, איז דאס וועטער געוועזען נעבעלדיג, אונד אונזערע מאטראָזען האבען ערבליקט א פֿעלזען ניט ווייט פֿון דער שיף. אָבער אלע אונזערע אנשטרענגונגען זיך צו רעטען, זיינען געוועזען אומזיסט; דער שטורם האט אונז געשלייִדערט אויף'ן פֿעלזען, וואו דיא שיף איז צושפּאָלטען געוואָרען. זעקס פֿון דער מאַנשאַפֿט, פֿון וועלכע איך בין געוועזען איינער, האבען זיך ארונטער געלאָזען מיט א שיפֿעל אין ים, אונד אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע מען זאָל לויז ווערען פֿון דעם פּלאַטץ וואו דיא צערשמעטערטע שיף מיט דעם פֿעלזען זיינען געוועזען. מיר האבען אוועק גערודערט, לויט מיין קאָמאַנדאַ, א היבשע שטרעקע, ביז מיר האבען שוין מעהר ניט געקענט זיך ריהרען, ווייל אונזערע לעטצטע כוחות האבען מיר פֿערבראַכט נאך זייענדיג אויף דער שיף.

מיר זיינען דאַן דערפֿאַר געצוואונגען געוועזען זיך אָבצולאָזען וואוהין דער ווינט וועט אונז טראָגען מיט דיא כוואַלעס, אונד אונגעפֿעהר נאך א שטונדע צייט, האט זיך דאס שיפֿעל איבערגעקעהרט פֿון א פּלעטצליכער גרויסער וועללע. וואס עס איז געוואָרען פֿון מיינע קאָמפּאַניאָנען אין שיפֿעל אָדער אויף'ן פֿעלזען, ווייס איך ניט גענוי, אָבער איך רעכען, אז זייא זיינען אלע דערטרונקען געוואָרען. איך ווידער, ווייס בלויז, אז איך האב מיך געפֿונען שווימענדיג, אונד ניט וויסענדיג וואוהין דער

ים טראָגט מיך, האב איך מיך נאָר געהאלטען אויף'ן וואסער, אונד זיך אָבגע־
לאָזען צו מיין שיקזאל.

איך האב מעהרערע מאל פּראָבירט זיך שטעלען, טאָמער האב איך געגרייכט
באָדען, אָבער עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז איך האב דערשפּירט, אז איך
דארף שוין מעהר ניט שווימען.

דער שטורם אונד דיא וועללען האבען זיך אויך בערוהיגט, אונד זייענדיג אין
וואסער ביז צו מיין ברוסט, בין איך געגאנגען פאָרווערטס. איך קען זאגען, אז איך
בין געגאנגען אזוי אין וואסער איבער א מייל ביז איך האב געגרייכט א טרוקענעם
ברעג. איך האב מיר פאָרגעשטעלט, אז דאמאלס איז שוין געווען אונגעפעהר 8
אוהר אבענד.

אויף'ן ברעג, בין איך געגאנגען בערך פון א האלבער מייל, אונד איך האב
קיין וואָהנונג ענטדעקט; אָבער איך בין געווען אזוי אויפגערעגט, אז איך האב גאר
ניט געקענט זעהען.

זייענדיג זעהר מיעד אונד אין זעהר א ווארעמעס וועטער, וויא אויך אונטער
דעם איינפלוס פון א האלבער פלאש בראנפען וואס איך האב אויסגעטרונקען
פערלאָזענדיג דיא שיף, האב איך מיך געשפּירט שטארק גענייגט צום שלאָפען.

איך האב מיך אוועק געלעגט אויף'ן גראָז, וואס איז געווען זעהר ניעדריג אונד
ווייך, אונד איך בין געשמאקער געשלאָפען וויא אין דער גאנצער צייט פון מיין
לעבען. ווען איך האב ערוואכט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך האב פּראָבירט
מיך אויפצוהייבען, אָבער איך האב מיך ניט געקענט ריהרען פון דעם פלאַטץ. געד
לעגען בין איך אויף מיין רוקען, אונד איך האב געשפּירט, אז מיינע הענד אונד פיס
זיינען שטארק צוזאמען געבונדען אונד בעפעסטיגט צו דער ערד. מיינע האאר,
וועלכע זיינען געווען לאנג אונד דיק, זיינען אויך געווען אזוי צוזאמען געבונדען.

איך האב אויך געשפּירט עטליכע שטריקלעך אויף מיין קערפּער פון מיינע
עלענבויגענס ביז ארונטער איבער דיא קניען.

קוקען האב איך נאָר געקענט ארויף, ווייל איך בין אזוי געלעגען. דיא זונן
האט אָנגעהויבען צו ווערען שטארק הייס אונד דאס ליכט האט מיר זעהר גע־
שטערט צו מיינע אויגען. איך האב געהערט עפּעס א רעש ארום מיר, אָבער אויסער
דעם הימעל, האב איך קיין זאך געקענט זעהען.

אין א קורצער צייט ארום, האב איך געשפּירט עפּעס א לעבעדיגע זאך זיך
בעוועגענדיג אויף מיין לינקען פוס, וועלכעס איז געגאנגען פאָרווערטס ביז עס איז
צוגעקומען אויף מיין ברוסט אונד זיך דערנעהנטערט צו מיין באָרד. אויסבייגענדיג

מיינע אויגען זאָ פיעל וויא איך האב געקענט, האב איך בעמערקט, אז דיא זאך איז א מענשליבע בעשעפעניש וואס איז קוים 6 צאָלל הויך. דאס מענשעלע האט געטראָגען א בויגען מיט פיילען אין זיינע הענד אונד א קיווער אויף זיין קאָפּ.

אין דערזעלבער צייט, האב איך געשפירט אונגעפעהר נאך פערציג אזעלכע חיה׳לעך נאכקומענדיג דעם ערשטען קליינעם מענשעלע.

איך בין געוועזען אויסער מיר פאר איבערראשונג אונד איך האב אָנגעפאנגען צו ברומען אזוי הויך, אז אלע זיינען צוריק געלאָפען אין שרעק. מאנכע פון זייא, לויט וויא מען האט מיר שפעטער דערצעהלט, זיינען שטארק בעשעדיגט געוואָרען בשעת זייא זיינען פון מיר אַרונטער געשפרונגען.

אָבער וויא דיא זאך איז, זיינען זייא באַלד צוריק געקומען, אונד איינער פון זייא, וועלכער האט געוואגט צו צוקומען ביז צו מיין געזיכט, האט אויפגעהויבען זיינע הענד אונד אויגען וויא אין בעוואונדערונג, אונד אויסגעשריען, מיט א קוויטשענדיגער אָבער קלארער שטימע:

„האקינאה דעגול!"

דיא אנדערע האבען ווידערהאָלט דיעזעלבע ווערטער עטליבע מאָל, אָבער דאמאלס האב איך ניט פערשטאנען וואס דאס בעדייטעט.

איך בין געלעגען דיא גאנצע צייט, כויט וויא דער לעזער קען זיך פאָרשטעלען, אין זעהר אין אונרוהיגען צושטאנד. ענדליך, ווען איך האב אָנגעפאנגען צו קעמפּפען אום מיך צו בעפרייען, האב איך געהאט דאס גליק איבערצורייסען דיא שטריקלעך אונד אויך אויסרייסען דיא פלעקער וואס האבען בעפעסטיגט מיין לינקע האנד צו דער ערד. דאמאלס האב איך אביסעל אויפגעהויבען מיין קאָפּ אונד מיט א פעסטען רוק, וואס האט מיר פעראורזאכט גרויסע שמערצען, האב איך אויך עטוואס בעפרייעט מיינע האאר.

איך האב געוואָלט כאפּען א פּאאר פון דיעזע חיה׳לעך, נאָר זייא זיינען שנעל ענטלאָפען פון מיר אום מיין האנד זאָל זייא ניט גרייכען. דאן איז געוואָרען א גרויסע קוויטשערייא אונטער זייא, אונד איינער האט הויך אויסגעשריען:

„טאלגאָ פאָנאק!"

אין נעכסטען אויגענבליק זיינען אויסגעשאָסען געוואָרען א הונדערט פיילען אין מיין האנד, וועלכע האבען מיך געשטאָכען וויא דיא נאָדלען. אויסער דעם, האבען אנדערע אויסגעשאָסען אין דער לופט, גראדע וויא מיר טהון מיט באָמבעס אין אייראָפּא, אונד דיעזע זיינען צוריק געפאלען אויף מיין קערפּער אונד געזיכט, וואס איך האב באַלד געמוזט צו דעקען מיט מיין בעפרייעטער האנד.

ווען דיעזער האָגעל פון פיילען איז געווען פאָראיבער, האב איך אָנגעפאנגען צו שרייען פאר שמערץ אונד העפטיג געקעמפפט מיך צו בעפרייען. אָבער גראדע דאמאלס האבען זייא נאך אמאל אָבגעשאָסען א האָגעל מיט פיילען, נאך מעהר וויא צום ערשטען מאָל, אונד מאנכע פון דיעזע מענשעלעך האבען אויך פראָבירט מיך צו שטעכען מיט שפיזען אין דיא זייטען. צו מיין גליק האב איך געטראָגען זעהר א דיקען אונד שטארקען ראָק, וועלכען זייא האבען ניט געקענט לעכערן.

איך האב אָנגעהויבען איבערצודענקען מיין לאגע אונד בעשלאָסען בעסער צו בלייבען ליעגען שטיל אביסעל אונד בייא א גינסטיגער געלעגענהייט מיך אין גאנצען בעפרייען. וואס עס אנבעלאנגט מיינע געגנער, בין איך זיכער געווען, אז איך וועל קענען בעקעמפפען אירגענד איין אנצאָהל פון זייער חיל, ווען זייא זיינען נאָר אלע אזוי גרויס.

אָבער דאס שיקזאל האט אנדערש בעשלאָסען. ווען דיא מענשעלעך האבען געזעהען, אז איך ליעג שטיל, האבען זייא מעהר קיין פיילען געשאָסען, אָבער, לויט דעם גערויש וואס איך האב געהערט, האב איך פערשטאנען, אז זייער צאָהל האט זיך פערגרעסערט.

איך בין אימער געלעגען שטיל, אונד אונגעפעהר א 4 עללען פון מיר, איבער מיין קאָפּ, האב איך געהערט א קלאפעריא א היבשע צייט, גראדע וויא מענשען ארבייטען בייא עפעס. ווען איך האב אומגעווענדעט מיין קאָפּ אהין, האב איך געזעהען וויא א ביהנע איז עררי́כטעט אונגעפעהר אנדערטהאלבען פוס הויך, אויף וועלכער עס האבען געקענט שטעהען 4 פון דיא מענשעלעך. פון ביידע זייטען זיינען געשטאנען לייטערס אונד 4 מענשעלעך זיינען ארויף געגאנגען.

איינער פון זייא, וואס האט אויסגעזעהען א יחסן, האט זיך אוועק געשטעלט אונד פאר מיר אָבגעהאלטען א לאנגע רעדע, פון וועלכען איך האב ניט פערשטאנען אפילו איין וואָרט.

אָבער איך האב דאָ פערגעסען צו דערמאָהנען, אז איידער דיעזער חברה־מאן האט אָנגעפאנגען זיין רעדע, האט ער אויסגעשריען דרייא מאל:

„לאנגראָ דעהול סאן!“

דיעזע ווערטער אונד יענע וואס איך האב פריהער דערמאָהנט, זיינען פאר מיר שפעטער איבערזעטצט געוואָרען.

נאך דעם, זיינען צו מיר צוגעקומען א פופציג מענשעלעך, וועלכע האבען איבערגעשניטען דיא שטריקלעך וואס האבען בעפעסטיגט דעם איבריגען טהייל פון

מיין קאָפּ. דאס האט מיר געגעבען דיא מעגליכקייט גוט אומצו־ווענדען מיין קאָפּ צום רעדנער אונד איהם בעסער בעטראכטען.

ער האט אויסגעזעהען א מענש פון מיטעלע יאָהרען, עטוואס העכער וויא דיא איבריגע דרייא וואס זיינען געשטאנען נעבען איהם. איינער פון דיא לעטצטע, איז געווען א פּאזש (דיענער) וואס האט אונטערגעהאלטען זיין לאַנגען מאנטעל, וועלכער איז געווען אזוי לאַנג וויא מיין מיטעלסטער פינגער; דיא אַנדערע צווייא, אויך דיענער, זיינען געשטאנען איינער צו דער רעכטער האנד אונד איינער צו דער לינקער אונד איהם צוגעהאַלטען.

וועהרענד זיין דרשה, האט ער אויסגעזעהען וויא א פּאָלקאָמענער רעדנער, אונד איך האב מיר געקענט מערקען אין טאָן פון זיין שפּראכע, ווארנונגען, פער־שפּרעכונגען, מיטלייד אונד גוטסקייט.

איך האב געענטפערט עטליכע ווערטער אין א גאנץ אונטערטהעניגען טאָן, אונד דאבייא האב איך אויפגעהויבען מיין לינקע האנד אונד מיינע אויגען צום הימעל, גלייך וויא איך וואָלט גערופען דיא זונן אלס מיין עדות.

זייענדיג כמעט פערהונגערט, ווייל איך האב גאר ניט געגעסען זייט איך בין ארונטער פון דער שיף, האב איך געשפּירט נאטור'ס פערלאַנג זעהר שטארק, אונד מיך ניט קענענדיג מעהר צוריק האלטען (פיעללייכט איז דאס געגען דיא געזעטצע פון עטיקעטע) האב איך צוגעלעגט דיא פינגער צו מיין מויל, אום אָנצוצייגען, אז איך וויל עסען.

דער הורנאָ (שפּעטער האב איך ערפאהרען, אז אזוי רופט מען א גרויסען לאָרד,) האט מיך גאנץ גוט פערשטאנען. ער איז ארונטער געגאנגען פון דער ביהנע, אונד געהייסען מען זאָל צו שטעלען עטליכע לייטערס צו מיין זייט. אונגעפעהר הונדערט מענשעלעך זיינען ארויף אונד צוגעגאנגען צו מיין מויל, מיטטראָגענדיג קאָרבען מיט פלייש, וועלכעס איז ספּעציעל געשיקט געוואָרען אויף'ן קעניג'ס בע־פעהל, נאך דער ערשטער נאכריכט וואס מען האט ערהאלטען, אז איך געפין מיך דאָרט.

עס זיינען געווען אין דעם פלייש, שולטערן, זייטען, פיס אונד אנדערע טהיילען, וויא פון שאף אונד אנדערע חיות וואס איך האב ניט געקענט גענוי וויסען פון וועלכען מין זייא זיינען, אָדער אונטערשיידען אין געשמאק. אָבער אַלע טהיילען האבען אויסגעזעהען קלענער וויא דיא פליגעלעך פון אונזערע פייגעלעך. איך האב געגעסען צו צווייא אָדער דרייא אויף איינמאָל, אונד אויך אריין געוואָרפען אין מיין

מויל צו דרייא אָדער פיער ברויט אויף אמאל פון דיא קאָרבען וואס מען האט געהאַלטען נעבען מיין מויל.

זייא האבען מיך בעזאָרגט מיט דיא שפּייזען, אזוי שנעל וויא מעגליך, אונד אויסגעדריקט ערשטוינען אונד בעוואונדערונג איבער מיין אַפּעטיט.

דאַן האב איך געגעבען איין אנדערן צייכען, אז איך וויל טרינקען. זייא האבען ערפאהרען פון מיין עסען, אז אביסעל טרינקען וועט ניט גענוג זיין. אָבער, נאכדעם וויא זייא זיינען געוועזען זעהר א געשיקטעס פאָלק, האבען זייא ארויף געקייקעלט זעהר א גרויסעס פאַס אויף מיין האנד, פון וועלכען זייא האבען ארויס געקלאַפּט דעם דנאָ. איך האב דאס אויסגעטרונקען מיט איין זופּ. דאס האט געשמעקט וויא בורגונדי וויין, אָבער נאך פיעל געשמאַקער. דאַן האבען זייא מיר צוגעבראַכט נאך א פעסעל, וועלכעס איך האב אויך אזוי שנעל אויסגעטרונקען וויא דאס ערשטע, אונד פערלאַנגט נאך; אָבער זייא האבען שוין מעהר ניט געהאט.

נאכדעם וויא איך האב געצייגט דיעזע וואונדער, האבען אלע געשריען פאר פרייד אונד געטאַנצט אויף מיין ברוסט, שרייענדיג עטליכע מאל: „העקינאַה דעגול!“

זייא האבען מיר געגעבען א צייכען איך זאָל ארונטער וואַרפען דיא צווייא פעסער, אָבער פריהער האבען זייא געוואָרענט זייערע לאַנדסלייטע אונטען, זייא זאָלען זיך היטען. דיעזע וואָרנונג איז אויסגעדריקט געוואָרען אין דיא ווערטער:

„בּאָראך בעוואָלאה!“ דיעזע פון אונטען ווידער, זעהענדיג דיא פעסלעך ארונטער פליהען, האבען אימער געשריען „העקינאַה דעגול.“

איך בין מודה, אז עס האט זיך מיר עטליכע מאל שטאַרק געוואָלט אָנכאַפּען א פערציג אָדער פופציג פון זייא מיט איין האנד אונד זייא ארונטער שליידערן אויף דער ערד. אָבער דיא עראינערונג אן דעם האָגעל פיילען אונד דאַן דאס פערשפּרעכען נאך דער רעדע, צו זיין אונטערגעבען, דאס אַלעס האט מיך צוריק געהאַלטען. אויסער דעם האב איך מיך יעטצט געפיהלט פערפּליכטעט, לויט דיא געזעטצע פון אורחים, צו אַכטען דיעזע מענשעלעך דערפאַר וואס זייא האבען מיר געגעבען צו עסען אונד צו טרינקען, וועלכעס האט זייא בעדאַרפט קאָסטען זעהר פיעל געלד אונד מיה.

יא, איך האב מיך בערוהיגט, אָבער איך האָב דאָך ניט געקענט בעגרייפען וויא אַזעלכע קליינע חיהלעך האבען געהאט דיא חוצפּה ארויף צו געהען אונד ארום טאַנצען אויף מיין קערפּער, בּשעת איינע פון מיינע הענד איז געוועזען פרייא. וויא

האבען זייא ניט געציטערט בלויז מיך ערבליקענדיג, נאכדעם איך האב בעדארפט ערשיינען אונגעהייער גרויס געגען זייא ?

נאכדעם וויא עס איז פאראיבער א קורצע צייט אונד זייא האבען געזעהען, אז איך פערלאנג פון זייא גאר ניט, איז ערשיענען א ספעציעלער שליח פון הויכען ראנג, פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט. זיינע עקסעלענץ, דער קייזערליכער שליח, איז ארויף געקראכען אויף מיין פוס אונד אנגעפאנגען צו צוקומען צו מיין געזיכט. ער איז געוועזען בעגלייטעט מיט א 12 דיענער, אונד ארויס נעהמענדיג זיינע אמטס־פאפירען אונטער קייזערליכען זיעגעל, האט ער זייא צוגעבראכט נאהענט צו מיינע אויגען, געשפראכען אונגעפעהר 10 מינוטען אהן כעס אדער אויפרעגונג, נאר מיט א בעשטימטען טאן האט ער מיר אלץ געוויעזען פארווערטס. שפעטער האב איך ערפאהרען, אז ער האט געמיינט דיא הויפט־שטאדט, וואס איז געלעגען אונגע־פעהר א האלבע מייל ווייט. זיינע מאיעסטעט, אין ראטה מיט זיינע מיניסטארען, האט בעשלאסען מען זאל מיך אריין ברענגען.

איך האב געענטפערט עטליכע ווערטער, אבער זיינע עקסעלענץ, דער קייזערליכער שליח, האט מיך ניט פערשטאנען, דאן האב איך געמאכט סמנים מיט מיין האנד — אכטונג געבענדיג איך זאל ניט בעשעדיגען זיינע עקסעלענץ מיט דיא דיענער — אונד געוויעזען, אז איך ווינש דיא פרייהייט.

עס שיינט אז ער האט מיך גאנץ גוט פערשטאנען, ווייל ער האט געשא־קעלט מיט זיין קאפ, אז ער שטימט ניט איין דערצו, אונד צייגענדיג מיט זיינע הענד, האב איך פערשטאנען, אז ער מיינט, דאס מען מוז מיך אוועק פיהרען אלס געפאנגענער.

אונטערדעסען האט ער געמאכט אנדערע סמנים אונד מיר געגעבען צו פערשטעהען, אז איך וועל האבען עסען אונד טרינקען, אונד וועל גאנץ אנשטענדיג בעהאנדעלט ווערען.

דערבייא האב איך נאך אמאל געדענקט צו צעררייסען דיא שטריקלעך וואס האבען מיך צוגעבונדען; אבער נאך שפירענדיג דעם שמערץ פון זייערע פיילען אויף מיין האנד אונד געזיכט, וואו עס זיינען געווארען בלאטערן, האב איך גע־געבען א צייכען, אז זייא מעגען טהון מיט מיר וואס זייא ווילען. דארויף האט דער הורגא געצייגט זעהר א פריינדליכעס געזיכט אונד זיך צוריק געצויגען מיט זיינע בעגלייטער.

מיט א קורצער צייט שפעטער האב איך געהערט א געשרייא, ווען עס זיינען עטליכע מאל ווידערהאלט געווארען דיא ווערטער:

„פעפלאָם סעלאַן!"

איך האב פלוצלינג דערשפירט א גרויסען אנצאָהל מענשעלעך זיך בע־שעפטיגענד בייא מיין לינקער זייט, וואו זייא האבען נאכגעלאָזען דיא שטריקלעך אויף אזוי ווייט, דאס איך האב מיך געקענט אומווענדען אויף מיין רעכטער זייט. אונד איך האב מיך געשפירט שטארק ערלייכטערט נאכדעם וויא איך האב משתין געווען.

לויט מיין בעווענונג בייא דעם אויסרוהען זיך, האבען דיא מענשעלעך פער־שטאנען וואס איך וויל טהון, אונד זייא זיינען שנעל אוועק לינקס אונד רעכטס אום צו פערמיידען דעם שטראָם, וועלכער איז געווען זעהר גרויס. זייא האבען אויך געשטוינט זעהענדיג אזוי פיעל השתנה.

אין דערזעלבער צייט איז א היבשע אנצאָהל פון זייא ארויף אויף מיין געזיכט אונד האנד, וועלכע זייא האבען בעשמירט מיט אזא זאַלב, וואס האט זעהר גוט געשמעקט, אונד דאס האט אין איינינע מינוטען צייט פערטריעבען דעם גרויסען שמערץ פון דיא פיילען.

דיעזער צושטאנד וויא אויך דאס עסען אונד טרינקען וואס זייא האבען מיר געגעבען, האט אין מיר ערוועקט א ווילען צום שלאָפען. איך האב געשלאָסען דיא אויגען, אונד, לויט וויא איך האב שפּעטער ערפאהרען, האב איך געשלאָפען גאַנצע 8 שטונדען. מיין שלאָף איז אויך געווען א רעזולטאט פון דעם שלאָף געטראַנק וואס דיא ערצטע האבען אריין געגאָסען אין מיין וויין, לויט דעם קייזער'ס בעפעהל.

עס ווייזט זיך ארויס, דאס זאָ שנעל וויא מען האט מיך געפונען שלאָפענדיג אויף דער ערד, נאך מיין לאַנדונג, האט מען דערפון בעריכטעט דעם קייזער מיט איין עקסטרא פּאָסט. עס איז באלד אָבגעהאַלטען געוואָרען א בעראטהונג, וואו מען האט בעשלאָסען מיך צו צובינדען. דיעזע ארבייט איז געמאכט געוואָרען בייא נאַכט, וועהרענד איך בין געשלאָפען. דאַן האט דער קייזער פאַר מיר געהייסען פּאָרבערייטען עסען אונד טרינקען, אונד מאשינעריען זיינען ארויס געשיקט גע־וואָרען, מיך אריין צו ברענגען אין שטאָדט.

דער לעטצטער בעשלוס, מיך אריין צו ברענגען אין שטאָדט, איז אפילו געווען צו פרעך אונד געפעהרליך, אונד איך בין זיכער, אז קיין אנדערער הערשער וואָלט דאס געוואגט, אָבער דאָך האבען זייא אזא בעשלוס אָנגענומען.

נאך א גוטער בעטראכטונג האב איך געמוזט צו געבען, אז דיעזער שריט, איז געווען אי זעהר א פּאַרזיכטיגער, אי וואָהלטהעטיג. דען, ווען זייא וואָלטען

פראָבירט מיך צו הרג'ענען בשעת איך בין געשלאָפען, וואָלט איך געווים ערוואכט פון דעם ערשטען שמערץ, אונד אין אויסברוך פון מיין צאָרן, וואָלט איך מיך שרעקליך נוקם געווען.

דיעזעס פאָלק האט זעהר גוטע רעכען-מייסטערס, אונד זייא האבען עררייכט דיא העכסטע שטופע פון מעכאניזמוס, דאמיט וואס זייער קייזער, אליין איין אנ-הענגער פון וויסענשאפט, האט זייא ערמוטהיגט דערצו. דיעזער הערשער האט געהאט איינינע גרויסע מאשינען אויף רעדער, אום צו פיהרען בוימער אונד אנדערע גרויסע זאכען. ער האט אויך זעהר אָפט געבויעט זיינע גרויסע קריעגס-שיפען, וועלכע זיינען געווען ביז 9 פוס לאנג. פון דיא וועלדער האט מען געפיהרט דיא בוימער אויף א שטרעקע פון 300 ביז 400 עללען צום ים.

מען האט באלד געשטעלט 500 סטאָלארס אונד אינזשעניר'ען פאַרצובע-רייטען זייער לאסט-מאשין צו דער ארבייט. דיעזע מאשין, געבויעט פון האָלץ, איז געווען 3 צאָהל הויך פון דער ערד, 7 פוס לאנג אונד 4 פוס ברייט, אונד איז געגאנגען אויף 22 רעדער.

דעם גרויסען געשרייא וואס איך האב געהערט, איז געווען בייא דער אנ-קונפט פון דער מאשין, וועלכע איז ארויס פון פלאַטץ, מיט 4 שטונדען נאכהער וויא איך האב געלאנדעט. דיא מאשין איז צוגעבראכט געוואָרען גראדע נעבען מיר.

אָבער דיא גרעסטע שוויריגקייט איז געווען, וויא מיך אויפצוהויבען אונד ארויף לעגען. 80 שטעקענס, יעדער א פוס הויך, זיינען אריין געקלאפט געוואָרען אין דער ערד צו דיעזען צוועק, אונד זעהר שטארקע, נאָר דינע שטריקלעך, זיינען בעפעסטיגט געוואָרען מיט האָקענס צו שטריק וואס מען האט ארום געבונדען מיין גאנצען קערפער. 900 פון דיא שטארקסטע מענשען האבען זיך בעשעפטיגט אין ציהען דיא שטריק, אונד, אויף אזא ארט, האבען זייא מיך אין 3 שטונדען צייט ארויף געצויגען אונד אריין געלעגט אין וואָגען, וואו זייא האבען מיך ווידער פעסט צוגעבונדען.

איך מוז דאָ בעמערקען, אז דאס אלעס וואס איז פאַרגעגאנגען, האט מען מיר ערשט שפּעטער דערצעהלט, וויל וועהרענד דער גאנצער צייט, בין איך געלעגען אין א טיעפען שלאָף פון דעם שלאָף-געטראנק וואס זייא האבען אריין גע-נאָסען אין מיין וויין.

פופצעהן הונדערט פון דעם קייזער'ס גרעסטע פערד, יעדעס אונגעפעהר 4

אונד א האלב צאָהל הויף, זיינען איינגעשפּאנט געוואָרען מיך צו פיהרען אין דער הויפּטשטאָדט, וועלכע איז געוועזן, וויא איך האב שוין געזאגט, א האלבע מייל ווייט.

אונגעפעהר מיט 4 שטונדען שפּעטער וויא מיין רייזע האט אָנגעפאנגען, האב איך ערוואכט דורך א לעבערליכען צופאל. דער וואָגען איז גראדע דאמאלס גע־בליעבען שטעהען אום עפּעס צו פעררעכטען. אייניגע יונגע לייט זיינען געוועזן זעהר נייגיעריג מיך צו זעהען ווערענד איך שלאָף. זייא זיינען ארויף אויף מיין קערפּער אונד צוגעגאנגען ביז צו מיין געזיכט. א יונגער אָפיציער האט אריין געשטעקט זיין שפּיז אין מיין נאָז, וועלכע האט מיך געקיצעלט וויא א שטרוי. דאס האט פער־אורזאכט וואס איך האב גענאָסען; זייא זיינען שנעל ענטלאָפען אונבעמערקט, אונד ערשט מיט דרייא וואָכען שפּעטער האב איך דאריעבער ערפאהרען.

דעם גאנצען טאָג האבען מיר געררייזט אונד געבליעבען רוהען וויא עס איז נאכט געוואָרען. צו 500 גוט בעוואפענטע סאָלדאטען זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען אלס וואכע נעבען מיינעביידע זייטען. א העלפט האבען געטראָגען פאנארען אונד א העלפט בויגענס מיט פיילען, בערייט מיך צו שיסען ווען איך וועל הער־וואָלטירען.

דעם צווייטען מאָרגען, בייא זונענאויפגאנג, האבען מיר פאָרטגעזעטצט דיא רייזע אונד אָנגעקומען אום מיטאג־צייט מיט 200 עללען פאר דעם טויער פון דער שטאָדט. דער קייזער מיט זיינע גרויסע לייט זיינען ארויס געקומען אונז מקבל פנים זיין; אָבער זיינע גרויסע גענערעלע האבען אום קיינעם פּרייז ניט געוואָלט ערלויבען זיינער מאַיעסטעט איינצושטעלען זיין לעבען ער זאָל ארויף געהען אויף מיין קערפּער.

בייא דעם פּלאַטץ וואו דער וואָגען איז געבליעבען שטעהען, איז געשטאנען איין אַלטער טעמפּעל, בעריהמט אלס דער גרעסטער אין גאנצען קעניגרייך. דיעזער טעמפּעל איז מיט עטליכע יאָהר צוריק טמא געוואָרען, ווייל איין אוננאַטירליכער מאָרד האט דאָרט שטאטגעפונדען, אונד, לויט דיא מנהגים פון פאָלק, האט מען שוין דאָרט ניט געבעטען אונד איהם געלאָזען פּוסט. אין דיעזער געביידע איז בע־שלאָסען געוואָרען איך זאָל לאָזשירען.

דער גרויסער טויער, וועלכער איז געוועזן באלד 4 פוס הויך אונד 2 פוס ברייט, איז געעפענט געוואָרען, דורך וועלכען איך האב שפּעטער קוים געקענט אריין קריכען. בייא יעדער זייט פון דעם טויער, איז געוועזן א פענסטער, ניט מעהר וויא 6 צאָלל פון דער ערד. דעם קעניג׳ס שמידט האט אהין אריין געטראגען א גרויסע

מאסע קייטען, וועלכע זיינען ניט געווען דיקער וויא דיזע וואס אונזערע דאמען טראָגען בייא דיא זייגערלעך אין אייראָפּאַ.

געגענאיבער דעם טעמפּעל, אויף דער אַנדערער זייט פון דעם וועג, אונגע־פעהר 20 פוס ווייט, איז געשטאַנען א מויער. אהין איז דער קייזער ארויף געגאַנגען מיט מעהרערע גרויסע לאָרדען פון זיין הויף, דאמיט זייא זאָלען האבען א געלע־גענהייט מיך צו זעהען.

אונגעפעהר הונדערט טויזענד איינוואָהנער זיינען ארויס געקומען פון דער שטאָדט מיך צו זעהען, אונד, טראָטץ דער וואך, האב איך דאָך געקענט שפּירען, אז ניט וועניגער אלס א טויזענד פון דיא מענשעלעך זיינען יעדעס מאל ארויף געקומען אויף מיין קערפּער, אום מיך צו בעטראַכטען. אָבער עס איז באלד ארויס א פּראָקלאַמאַציאָן וואס האט דאס פערבאָטען צו טהון אונטער דער שטראַפע פון טויט.

ווען דיא ארבייטער האבען זיך איבערצייגט, אז עס איז אונמעגליך פאר מיר איך זאָל מיך בעפרייען, האבען זייא אויפגעשניטען אלע שטריק וואס האבען מיך צוזאַמען געבונדען איך האב מיך דאַן אויפגעזעטצט אונד געבליקט זעהר מרה־שחורה׳דיג.

דיא קייטען וואס האבען צוגעבונדען מיין לינקען פוס, זיינען געווען אונגעפעהר 2 עללען לאַנג אונד זייא האבען מיר געגעבען דיא מעגליכקייט אביסעל ארום צו שפּאַצירען. נאָר אזוי וויא זייא זיינען געווען בעפעסטיגט צום טויער פון טעמפּעל, בין איך אהין אריין געקראָכען אונד מיך אוועק געלעגט איבער דער גאַנצער לענג פון דער געביידע.

## קאַפּיטעל 2.

דער קייזער פון ליליפּוט, בעגלייטעט פון אַדעללייטע, קומט זעהען דעם פּערפאַסער אין זיין געפאַנגענשאַפט. — א בעשרייבונג פון דעם קייזער׳ס פּערזאָן אונד זיין אויפפיהרונג. — געלערענטע מענער ערנאַנט צו שטודירען מיט דעם פּערפאַסער זייער שפּראַכע. — ער איז נושא חן דורך זיין מילדקייט. — זיינע קעשענעס ווערען בעזוכט, אונד זיין שווערט מיט דיא פּיסטוילען אוועק גענומען.

ווען איך האב מיך ווידער געזעהען אויף מיינע פיס, האב איך מיך ארום געקוקט, אונד, צו זאגען דיא וואהרהייט, האב איך נאך ניעמאלס געזעהען אזא

אינטערעסאנטעס בילד. דאס לאנד ארום־אונד־ארום, איז ערשיענען וויא איין אונענדליכער גארטען, אונד דיא פעלדער, וועלכע זיינען וויא געוועהנליך געוועזן 40 פוס קוואדראט, האבען פארגעשטעלט הערליכע בלומען־בעטען. דיעזע פעלדער זיינען געוועזן דורכגעמישט מיט וועלדער, אונד דער העכסטער בוים, לויט וויא איך האב געקענט אורטהיילען, איז ניט געוועזן העכער אלס 5 פוס.

איך האב מיר בעטראכט דיא שטאדט צו מיין לינקער האנד, וועלכע האט פארגעשטעלט וויא א געמאלענע סצענע פון א שטאדט אין א טהעאטער.

אייניגע שטונדען בין איך געוועזן זעהר מיעד, אונד איך האב מיך אויסגערוהט אין מיין הויז, וואו איך האב פערמאכט דיא טהיר. אבער איך האב ניט געקענט אזוי לייכט לויז ווערען פון דיא קליינע מענשעלעך. איך האב געמוזט נאך אמאל ארויס קומען אונד זיך ציינגען אויף אזוי וויט וויא מיינע קייטען האבען מיר ערלויבט. איך האב אויך באלד ערפאהרען, אז דער קייזער איז ארונטער פון דעם טהורם אונד איז מיר ענטקעגען געפאהרען רייטענדיג אויף א פערד. אבער דאס האט איהם שיער זעהר טהייער געקאסט. דאס פערד, אבוואהל גוט אבגעריכטעט, איז דאך ניט געוואהנט געוועזן צו אזא אונגעהייערעס בעשעפעניש וויא איך בין געוועזן. עס האט איהם אויסגעזעהען וויא א מעכטיגער בארג וואלט זיך בעוואויגען אין זיין געגענווארט. עס האט זיך דערשראקען אונד זיך אויפגעשטעלט אויף דיא הינטערשטע פיס.

דער קייזער, וועלכע איז אבער א גוטער רייטער, האט זיך פעסט געהאלטען אויף דעם זאטעל, ביז אייניגע ביענער זיינען צוגעשפרונגען אונד אנגעכאפט דאס פערד בייא דער צוים, ביז זיין מאיעסטעט האט צייט געהאט ארונטער צו שפרינגען.

ווען ער איז ענדליך געוועזן אויף דער ערד, האט ער מיך בעטראכט מיט גרויס בעוואונדערונג, אבער ער האט ניט געוואגט זיך שטארק צו דערנעהנטערן צו מיר. דאן האט ער געגעבען א בעפעהל צו זיינע קעכער אונד הויזפערוואַרגער, וועלכע זיינען שוין דארט געוועזן צו דיעזען צוועק, מיר צו דערלאנגען עסען אונד טרינקען. זייא האבען דאס מיר צוגעבראכט אויף וועגען, וועלכע איך האב געגרייכט אונד צוגעשלעפט ביז צו מיר. איך האב באלד אויסגעלעדיגט אזעלכע צוואנציג וועגען מיט עסען אונד 10 מיט טרינקען. פון א וואגען עסען האב איך געהאט גענוג אויף 2 אדער 3 גוטע ביסענס, אונד א פעסעל וויין איז מיר גענוג געוועזן אויף איין זופ.

דיא קייזערין אונד דיא יונגע פרינצען אונד פריצעסינען, זיינען געזעסען פון

ווייטען אויף שטוהלען; נאָר ווען דאס אונגליק איז שיער געשעהען מיט דעם קייזער, זיינען זייא צו איהם צוגעקומען.

איך וועל דאָ בעשרייבען וויא דיא קייזערליכע פערזאָן האט אויסגעזעהען: ער איז געווען העכער בײנאהע מיט אזוי פיעל וויא מיין נאָגעל איז ברייט, פון אלע אנדערע אין זיין הויף. דיעזע הויכקייט איז גענוג געווען אין ליליפוט לאנד, צו ווארפען א מורא אויף יעדען וואס האט געזעהען דעם מעכטיגען קייזער. זיינע געזיכטס־ציגע זיינען געווען שארף אונד מעננליך, מיט איין עסטרייכישע ליפ אונד אביסעל א נעקרימטע נאָז. זיין געזיכטס־פארב ברוין, זיין קערפער שלאַנק אונד דיא גליעדער גאנץ מעססיג. זיינע בעוועגונגען גראציעז אונד זיין גאנצע האלטונג מאיעסטעט׳ש.

דער קייזער איז צו יענער צייט געווען שוין אריעבער דיא יוגענד צייט, וויל ער האט געצעהלט 28 יאָהר מיט 9 מאָנאט. פון דיעזער צייט האט ער רעגיערט 7 יאָהר אין גליקליכע פערהעלטניסע אונד איז אימער געווען א זיעגרייכער מאָנארך.

אום איהם בעסער צו בעטראכטען, האב איך מיך אוועק געלעגט אויף א זייט אונד מיין געזיכט איז אויסגעקומען אקוראט געגענאיבער איהם; ער איז בלויז געשטאנען 3 עללען ווייטער פון מיר.

זיין קליידונג איז געווען גאנץ איינפאך אונד איז בעשטאנען פון א מאָדע וואס האט געקענט פאַרשטעלען דיא מנהגים פון אזיען אונד אייראָפּא צוזאמען. אויפ׳ן קאָפּ האט ער געטראָגען א לייכטען גאָלדענעם קיווער בעזעטצט מיט בריליאנטען אונד א לאַנגע פעדער אויפ׳ן שפּיטץ.

אין זיין האנד האט ער געהאלטען זיין בלאַנקעס שווערט אום זיך צו פערטהיידיגען, אין פאל איך זאָל מיך אויסרייסען. דאס שווערט איז געווען בײנאהע 3 צאָלל לאַנג, אונד דיא שטיל וויא אויך דיא שייד, זיינען געווען בעזעטצט מיט דיאמאנטען.

זיין שטימע האט געקלונגען קוויטשענדיג, אָבער זעהר שארף אונד דייטליך, זאָ דאס איך האב איהם געקענט הערען אפילו ווען איך בין געשטאנען אויף דיא פיס.

דיא הויף־דאַמען זיינען אלע געווען פּראכטפאָל געקליידעט, אונד דער פּלאַטץ וואו זייא זיינען געשטאנען, האט מיר אויסגעזעהען וויא א געשטיקטער אונטער־ראָק מיט פיגורען פון גאָלד אונד זילבער, אויסגעשפּרייט אויף דער ערד.

זיין קייזערליכע מאיעסטעט האט עפטער גערעדט צו מיר אונד איך האב איהם אויך געענטפערט, אָבער מיר האבען זיך ביידע ניט געקענט פערשטעהען. איינינע גייסטליכע אונד אדוואָקאטען (וואס איך האב געאורטהיילט פון זייערע קליידער) זיינען אויך דערבייא געווען, וועלכע דער קייזער האט געהייסען זייא זאָלען מיך אנשפרעכען; איך האב זייא געענטפערט אין אלע שפראַכען וואס איך האב געקענט, הויך אונד ניעדריג האָללענדיש, לאַטייניש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, איטאַליעניש אונד דיא פרענקישע שפראַכע, אָבער אַלעס איז געווען אומזיסט.

נאך דער צייט פון א פּאאר שטונדען, האט זיך דער קייזערליכער הויף צוריק געצויגען, אונד מיך האט מען געלאָזען אונטער א שטארקער וואַך, אום מיך צו בע־שיטצען פאר דער פרייהייט אונד אויך שלעכטקייט פון דער מאססע, וועלכע זיינען געווען זעהר אונגעדולדיג אונד געוואָלט צו קריכען צו מיר אזוי נאהענט וויא נאָר מעגליך.

אייניגע האבען זאָגאר אָבגעפייערט זייערע פיילען אויף מיר בשעת איך בין געזעסען פאר דער טהיר פון מיין הויז, אונד איין פייל האט מיר אויף שיער גע־טראָפען אין אויג. אָבער דער קאָלאָנעל האט געהייסען כאפּען 6 פון דיעזע אנ־פיהרער, זייא געבונדען, אונד בעשלאָסען, אז קיין שטראפע קען גרעסער זיין, וויא זייא איבערצוגעבען אין מיינע הענד. אייניגע פון זיינע סאָלדאטען האבען דאָן גע־נומען דיא געבונדענע אונד זייא צוגערוקט אזוי נאהענט, אז איך האב זייא געקענט גרייכען.

איך האב זייא אַלע ארויף גענומען אויף מיין רעכטער דאָלאָניע, דאָן האב איך 5 אריין געלעגט אין מיין ראָק־קעשענע, אונד צום 6־טען האב איך אויפגעמאכט א מויל, גלייך וויא איך וויל איהם פערשלינגען. דער ארמער מאַן האט פירכטערליך געשריען, אונד דער קאָלאָנעל מיט זיינע אָפיצירען האבען אויסגעזעהען זעהר גע־ערגערט, איבערהויפּט ווען זייא האבען ערבליקט וויא איך האב ארויס גענומען א טאשען־מעסער׳ל.

אָבער איך האב זייער ערגערניס ניט פיעל אנגעהאלטען, דען איך האב אָנגע־הויבען צו בליקען מילדער אונד מיט מיין מעסער׳ל האב איך אויפגעשניטען דיא שטריקלעך מיט וועלכע מען האט איהם געבונדען, אונד איהם ארונטער לאָזענדיג לאַנגזאם צו דער ערד, איז ער שנעל ענטלאָפען.

מיט דיא אנדערע האב איך דאסזעלבע געטהאָן, דען איך האב זייא ארויס גענומען אייניציגווייז פון דער קעשענע, זייא אויפגעבונדען אונד בעפרייט.

איך האב געקענט בעמערקען, אז דיא סאָלדאטען אונד דאס פאָלק, זיינען

געוועזן זעהר צופריעדען מיט מיין האלטונג, אונד דאס האט מיך שפעטער גוט רע־קאָמענדירט אין קייזערליכען הויף.

געגען אבענד בין איך ווידער אריין געקראָכען אין הויז אונד זיך געלעגט אויף דער ערד. אזוי האב איך מיך אָבגעפלאגט א 14 טעג, אונד וועהרענד דער צייט, האט דער קייזער ארויס געגעבען א בעפעהל, מען זאָל פאר מיר פאָרבערייטען א בעט. 600 פון זיירע בעטען זיינען געבראכט געוואָרען אויף וועגען אונד מען האט זייא אריין געשטעלט אין מיין הויז; 150 פון דיעזע בעטען האבען געבילדעט דיאברייט אונד לענג, אונד דאס האט מיר ערשפּארט צו ליעגען אויף דער ערד פון גלאטע שטיינער אונד אָבקוועטשען מיין לייב.

דאַן האט מען מיך פערזאָרגט מיט בעט־געוואנט, דעקען אונד קאָלדרעס, מיט וועלכע איך בין געווען פאָלקאָמען צופריעדען, נאכדעם איך בין אזוי געפּלאגט געוואָרען.

וויא דיא נאכריכט פון מיין אנקונפט האט זיך פערברייטעט איבער דעם לאַנד, האט דאס צוזאמענגעבראכט אונגעהייערע מאסען רייכע, לעדיג־געהער אונד גלאט נייגיעריגע מענשען מיך צו זעהען. עס איז אזוי וויט געקומען, אז דיא דערפער זיינען כמעט אין גאנצען אויסגעלעדיגט געוואָרען אונד מען האט פערנאכלעסיגט צו בעארבייטען דעם באָדען. טייזענדער אנדערע בעשעפטיגונגען האבען געליטען דאדורך, ביז זיין קייזערליכע מאַיעסטעט האט ארויס געלאָזען איינינע פּראָקלאמאַ־ציאָנען אונד שטאאטס־בעפעהלע געגען דיעזער איבערגעלויף מיך צו זעהען.

דער קייזער האט ערשטענס בעפוילען, אז דיעזע וואס האבען מיך שוין גע־זעהען, זאָלען זאָפאָרט אהיים געהען, אונד דיא אנדערע וואס ווילען מיך זעהען, דארפען זיך ניט דערנעהנטערן מעהר וויא 50 עללען פון מיין וואָהנונג, אונד דערצו מוזען זייא נאך האבען ספּעציעלע ערלויבנים פון דער רעגיערונג. דערבייא, נאַ־טירליך, האבען דיא שטאאטס־בעאַמטע געהאט א סך ארבייט אונד געקריעגען גוט בעצאָהלט.

אין דערזעלבער צייט, האט דער קייזער אָבגעהאלטען איינינע בעראטהונגען אום צו בעשליסען וואס עס איז צו טהון מיט מיר. נאכדעם האט מיר מיטגעטהיילט מיינער א פריינד — א גרויסער חשוב אין הויף וואס האט אַלעס געוואוסט, — אז מען האט זיך גאר ניט געוואוסט וואס פאר איין עצה צו געבען מיט מיר.

מען האט זיך געשראָקען טאָמער וועל איך מיך בעפרייען, דאן, אז מיין שפּייז וועט זיין צו קאָסטבאר אונד דאס וועט פעראורזאכען א הונגער.

אמאל האט מען גערעכענט מיך צו לאָזען אייסגעהען פאר הונגער, אָדער מען זאָל אויף מיר שיסען מיט פערגיפטעטע פיילען אין דיא הענד אונד געזיכט, וועלכעס וועט באלד פעראורזאכען מיין טויט.

אָבער, זייא האבען ניט פערגעסען צו בערעכענען, אז מיין טויטער קערפער וועט קענען זעהר לייכט פעראורזאכען א פעסט אין דער הויפט־שטאָדט אונד וועט זיך פיעללייכט נאך פערברייטען איבער דעם גאנצען לאנד.

וועהרענד דיעזע בעראטהונגען, זיינען ערשיענען אייניגע אָפיצירען אונד אָבגע־געבען א בעריכט וויא אזוי איך האב געהאנדעלט געגען דיא 6 פערברעכער וואס מען האט איבערגעגעבען אין מיינע הענד, לויט וויא איך האב פריהער דער־מאָהנט.

דאס האט געמאכט א גוטען איינדרוק איבער זיין מאיעסטעט מיט זיינע יועצים, אונד מען האט גלייך נאך דעם ארויס געגעבען א בעפעהל וויא אויך ער־נאנט א קייזערליכע קאָמיסיאָן, אז אלע דערפער ארום דער הויפט־שטאָדט, אויף 900 עללען ווייט, זאָלען ליעפערן יעדען פריה־מאָרגען 6 אָקסען, 40 שאָף, אונד אנדערע לעבענס־מיטלען מיט ברויט, וויין אונד שנאפס. דאפיר האט דער קייזער זעלבסט בעשלאָסען צו בעצאָהלען פון זיין קאסע. דאס, נאטירליך, זאָל זיין אום מיך צו ערנעהרען.

עס זיינען אויך אנגאזשירט געוואָרען 600 מענשען אום מיך צו בעדיענען, אונד זייא האבען געקריעגען עסען אונד טרינקען אונד זיך אויסגעבויעט פאסענדע געצעלטען נעבען מיין וואָהנונג.

דאן האט מען ארויס געגעבען א בעפעהל, אז 300 שניידערס זאָלען פאר מיר מאכען איין אנצוג לויט דער מאָדע פון לאנד. 6 פון זיין מאיעסטעט׳ס גרעסטע פראָפעסאָרען, זיינען בעאויפטראגט געוואָרען מיט מיר צו לערנען דיא לאנדעס־שפראכע.

איין אנדערער בעפעהל האט געלויטעט, אז זיינער מאיעסטעט׳ס פערד וויא אויך דיא פערד פון זיינע גרעסטע מענער, זאָל מען מושטירען אין מיין געגענוואָרט, דאמיט זייא זאלען זיך צוגעוואָהנען צו מיר.

אלע דיעזע בעפעהלע זיינען באלד געגאנגען צו דער ארבייט, אונד, אונגעפעהר אין א דרייא וואָכען צייט, האב איך געמאכט א גרויסען פאָרטשריט אין לערנען דיא שפראכע.

וועהרענד דיעזער צייט, האט מיך אויף דער קייזער עטליכע מאל בעעהרט

מיט זיין בעזוך, אונד ער האט גרויסעס פערגניגען געהאט צו העלפען מיינע פראָ־פעסאָרען אין דעם אונטעררירכט.

מיר האבען לאנגזאם שוין אָנגעהויבען זיך אביסעל צוזאמען צו ריידען. דיא ערשטע ווערטער וואס איך האב אויסגעלערענט, איז געוועזן דער אויסדרוק פון מיין וואונש. איך האב געזאגט:

„מאיעסטעט, איך בעט אייך, גיבט מיר דיא פרייהייט.“

דאס האב איך ווידערהאָלט יעדען טאָג אויף מיינע קניען.

זיין ענטפער איז כמעט אימער געווען:

„דאס וועט קומען מיט דער צייט, אונד דאן קען איך דאס ניט טהון אָהן מיינע יועצים.“

דערצו האט ער נאך צוגעלעגט דיא ווערטער:

„לוקאָס קעלמין פעססע דעסמאר לאָן עמפאָסאָ.“

דאס הייסט, אז איך מוז צושווערען פריעדען צו איהם אונד זיין קעניגרייך.

אונטערדעסען, האט ער יעדעס מאל דערמאָהנט מיינע דיענער, אז זייא מוזען זיך בענעהמען גוט צו מיר, אונד צו לעטצט האט ער מיך גערעדטהען אזוי:

„איך וויל דוא זאָלסט דורך דיין געדולד ערלערנען איין אנשטענדיגע בע־נעהמונג אונד געווינען מיין גוטע מיינונג וויא אויך דיא גוטע מיינונג פון מיינע אונטערטהאנען.“

דאן האט ער מיר געזאגט, אז איך זאָל קיין פאראיבעל ניט האבען, ווען ער וועט געבען אַ בעפעהל צו געוויסע בעאמטע מיך צו בעזוכען, ווייל עס איז מעגליך, אַז איך טראָג בייא מיר וואפען, וועלכע זיינען געווים זעהר געפעהרליך, ווען זייא זיינען נאָר לויט דער גרויסקייט פון מיין פערזאָן.

איך האב געענטפערט:

„אייער מאיעסטעט וועט זיין צופריעדען.“

איך בין אויך געווען פאָלקאָמען צופריעדען איבערצוקעהרען מיינע קעשענעס אונד אלעס אוועק געבען.

דיעזע לעטצטע ווערטער, האב איך געזאגט האלב אין ווערטער אונד האלב דורך סמנים.

ער האט דאן געענטפערט:

„לויט דיא געזעטצטע פון מיין לאנד, מוזטו בעזוכט ווערען פון צוויא בע־אמטע, אונד איך וויים ווידער, אז דאס קען ניט דורכגעפיהרט ווערען אָהן דיין

אײנשטימונג. אָבער איך האב פון דיר שוין אזא גוטע מיינונג, אז איך קען פאָל־קאָמען פערטרויען מיינע בעאַמטע אויף דיר. דאַן, זאָלסטו וויסען, אז אַלעס וואס וועט פון דיר אַוועק גענומען ווערען, וועט מען דיר פּינקטליך צוריק געבען צור צייט וואס דוא וועסט פערלאָזען מיין לאַנד, אָדער דיר פאָלקאָמען בעצאָהלען מיט געלד עובר לסוחר.״

איך האב אויפגעהויבען דיא בעאַמטע מיט מיינע הענד אונד זייא ערשטענס אריין געלעגט אין מיינע ראָק־קעשענעס אונד דאַן אין אַנדערע קעשענעס פון מיינע קליידער, אויסער מיינע וועסט־קעשענעס אונד נאָך א קעשענקעלע, וואו איך האב עפּעס געהאט וואס האט קיינעם ניט געקענט ניטצען אויסער מיר אליין.

אין איינער פון מיינע וועסט־קעשענעס, האב איך געהאט א זילבערנעם זייגער, אונד אין דער אַנדערער א בייטעלע מיט עטליכע גאָלד־שטיקלעך.

דיא בעאַמטע, האבענדיג פען, טינט אונד פּאַפּיר מיט זיך, האבען אַלעס גענוי בעשריעבען וואס זייא האבען געזעהען. ווען זייא זיינען מיט דיעזער ארבייט פערטיג געוואָרען, האבען זייא בייא מיר פערלאַנגט איך זאָל זייא ארונטער לאָזען אום אָבצוגעבען דעם קייזער א בעריכט.

דיא פערצייכנונג האב איך דאַן איבערזעטצט אין ענגליש, אונד וואָרט־איך־וואָרט, לויטעט זיא אזוי:

„א י מ פ ר י מ י ס, *אין דער רעכטער ראָק־קעשענע פון דעם גרויסען מענש־באַרג, (אזוי איבערזעטץ איך דיא ווערטער ק ו ו י נ ב ו ס פ ל ע ס ט ר י ן.) נאָך דער שטרענגסטער אונטערזוכונג, האבען מיר געפונען א גרויסעס אונד רויעס שטיק טוך, גרויס גענוג אום צו בעדעקען דעם פוס־באָדען פון אייער מאַיעסטעטס גרעסטען זאַלאָן.

„אין דער לינקער קעשענע האבען מיר געזעהען איין אונגעהייער גרויסען זילבערנעם קאסטען מיט א דעק פון דעמזעלבען מעטאַל, וואס מיר, אונטערזוכער, האבען ניט געקענט אויפהויבען. מיר האבען פערלאַנגט עס זאָל געעפענט ווערען, אונד איינער פון אונז איז אריין אינווענינ אונד איז באַלד געשטאַנען ביז איבער דיא קניען אין א מין שטויב, פון וועלכען מאַנכע טהיילען זיינען געפלויגען אין אונזערע געזיכטער אונד מיר האבען אָנגעפאַנגען צו ניעסען עטליכע מאל צוזאַמען.

„אין זיין הויכער רעכטער קעשענע האבען מיר ענטדעקט א גרויסען פּאַק פון ווייסע דינע גענענשטענדע, צוזאַמען געלעגט איינער אויף אַנאַנדער, אזוי דיק וויא דרייא פון אונזערע מענשען אונד צונויף געבונדען מיט א דיקען שטריק. אַלעס איז

געוועזן בעצייכענט מיט פיגורען, אונד מיר רעכענען, אז דיעזע זיינען בריעף; יעדער בוכשטאב איז אזוי גרויס וויא א העלפט פון אונזער דאלאניע.

„אין דער לינקער זייט האבען מיר ענטדעקט א מין מאשין, פון וועלכען עס האבען זיך אויסגעצויגען צוואנציג סטאלפעס, יעדער איז אזוי גרויס וויא דיא באלקענס אין אייער מאיעסטעט'ס הויף; מיר רעכענען, אז דערמיט קאמט דער מענש־בארג זיין קאפ. מיר האבען איהם ניט געוואלט פיעל איבערפרעגען, ווייל מיר האבען געזעהען, אז ער פערשטעהט אונז ניט זעהר גוט.

„אין דער גרויסער קעשענע פון זיין רעכטער זייט אויף דער מיטעל־דעק (אזוי איבערזעץ איך ראנפו־לא, וועלכעס מיינט דיא הויזען) האבען מיר געפונען א לעערען אייזערנעם סטאלב, בעפעסטיגט צו א שטיק האלץ נאך גרעסער וויא דאס אייזען; אויף איין זייט האבען נאכגעהאנגען שטיקער אייזענס מיט מערקווירדיגע פיגורען, וואס מיר קענען גיט וויסען וואס דאס איז. אין דער לינקער קעשענע האבען מיר איין עהנליכע מאשין ענטדעקט. אין דער קליינער קעשענע בייא דער רעכטער זייט, האבען מיר ענטדעקט עטליכע רונדע שטיקער פון פלאכען ווייסען אונד רויטען מעטאל, פון אונגעהייערער שווערקייט; מאנכע פון דיא ווייסע, וואס האבען אויס־געזעהען וויא זילבער, זיינען אזוי שווער, אז איך אונד מיין קאמעראד האבען דאס קוים געקענט אויפהויבען.

„אין דער לינקער קעשענע זיינען אויך געוועזן צווייא גרויסע אונד אונרעגעל־מעסיגע באלקענס; נאך גרויסער שווירינקייט איז אונז געלונגען צו גרייכען זייער שפיטץ, ווייל מיר זיינען געשטאנען אונטען אין דער קעשענע. איינער פון זייא איז בעדעקט אונד זעהט אויס פון איין שטיק; אויף דעם שפיטץ פון דעם אנדערן זעהט זיך עפעס וויסעס אונד איז אזוי גרויס צווייא מאל וויא אונזערע קעפ. מיט יעדען פון דיעזע איז געוועזן א מעכטיגע שטאהלענע קלינג, זעהר געפעהרליך. ער האט דיעזע צווייא ארויס גענומען אונד אונז ערקלערט, אז אין זיין לאנד איז א מנהג, מיט איינעם פון דיעזע זיך צו ראזירען אונד מיט דעם אנדערן צו צערשניידען פלייש.

„עס זיינען געוועזן נאך צווייא קעשענעס וואוהין מיר האבען ניט געקענט אריין געהען, ווייל זיינע קליידער זיינען דארט זעהר געפאסט אונד דיא אויסגעצויגענהייט פון זיין בויך האט אונז געשטערט. פון איינער פון דיעזע קעשענעס איז ארויס גע־האנגען א גרויסע זילבערנע קייט מיט א מערקווירדיגער מאשין. מיר האבען איהם געהייסען ער זאל דאס ארויס ציהען אום מיר זאלען זעהען וואס עס געפינט זיך בייא דעם אנדערן עק פון דער קייט. ער האט אזוי געטהאן אונד מיר האבען ערבליקט א

מעבטיגע רונדע זאך, העלפט פון זילבער אונד העלפט פון א דורכזיכטיגעם מעטאל, ווייל דארט וואו מיר האבען געקענט דורכקוקען, האבען מיר געזעהען מאנכע פיגורען ארום־אונד־ארום, אונד אבוואהל מיר האבען דיעזע פיגורען ניט געקענט בעריהרען, האבען מיר געשפירט וויא אונזערע פינגער ווערען צוריק געהאלטען דורך דיעזען דורכזיכטיגען מעטאל. ער האט צונעלעגט דיעזע מאשין צו אונזערע אויערן אונד מיר האבען געהערט א גרויסע קלאפעריייא, גראדע וויא אונזערער א וואסער־מיהל.

„מיר רעכענען, אז דאס מוז ענטוועדער זיין א מין חיה, אדער דער גאט צו וועלכען ער בעט, ווייל לויט וויא ער האט אונז פערזיכערט (אויב מיר האבען איהם נאר גוט פערשטאנען,) האט ער זעלטען עפעס געטהאן אהנע זיך פריהער צו בע־ראטהען מיט דיעזער מאשין. מיר האבען אויך געפונען איינינע גרויסע שטיקער געלעם מעטאל, וועלכע, אויב זייא זיינען גאלד, דאן מוזען זייא זיין פון זעהר א גרויסען ווערטה.

„נאכדעם וויא מיר האבען אויסגעזוכט אלע זיינע קעשענעס, לויט אייער מאיעסטעט'ס בעפעהל, האבען מיר בעמערקט א גארטעל ארום זיין קערפער, וועלכער מוז זיין פון דער פעל פון איין אונגעהייערער גרויסער חיה. בייא דער רעכטער זייט פון דיעזען גארטעל איז געהאנגען א שווערט, וועלכע איז אזוי לאנג וויא אונזערע 5 מענשען; בייא דער לינקער זייט איז נאכגעהאנגען א בייטעל אדער א זאק, איינ־געטהיילט אין צווייא טהיילען; יעדער טהייל קען אריין נעהמען 3 פון דיא אונ־טערטהאנען פון אייער מאיעסטעט.

„אין אייעם פון דיעזע טהיילען געפינען זיך עטליכע קוגלען, אדער באללען, פון זעהר א שווערען מעטאל, אזוי גרוים וויא אונזערע קעפ, אונד עס ערפארדערט א שטארקען מענשען דאס אויפצוהויבען. אין דעם אנדערן טהייל געפינט זיך א הויפען פון א געוויסען שווארצען שטאף, וויא קוילען, אבער ניט זעהר שווער, ווייל מיר האבען געקענט האלטען 50 פון זייא אויף אונזערע הענד.

„דאס איז א פינקטליכע בעצייכנונג פון אלעמען וואס מיר האבען געפונען אויף דעם קערפער פון דעם מענש־בארג, וועלכער האט אונז זעהר גוט בעהאנדעלט אונד אונז רעספעקטירט לויט וויא עס פאסט פיר א קאמיסיאן פון אייער מאיעסטעט.

**„אונטערגעשריעבען אונד געזיעגעלט אם 4־טען טאג פון דער 89־טער לבנה פון אייער מאיעסטעט'ס הערדליכע רעגיערונגס־צייט:**

„פלעססען פעללאק.

**„מארסי פרעלאק.“**

ווען דיעזער בעריכט איז פאָרגעלעזען געוואָרען פאַר זיין מאַיעסטעט, האט ער מיר געהייסען, אפילו אין זעהר א העפליכער שפראכע, איך זאָל אויסליעפערן אלע דיא אויסגערעכענטע געגענשטענדע.

ערשטענס האט ער פערלאַנגט מיין קורצעס שווערט, וועלכעס איך האב איהם איבערגערייכט מיט דער שייד מיט אַלעמען. דאן האט ער געגעבען א בעפעהל, אז 3000 פון זיינע בעסטע טרופען זאָלען מיך ארום רינגלען, אונד אלע זאָלען זיין בערייט מיט זייערע בויגענס אונד פיילען אויף מיר צו שיסען; איך האב דאס אָבער ניט געזעהען, ווייל מיינע אויגען זיינען גענצליך געווען געריכטעט צו זיינער מאַיעסטעט.

ער האט מיר געהייסען איך זאָל ארויס ציהען מיין שווערט, וועלכעס, אָבוואָהל אביסעל פערראָסטעט פון דעם ים־וואסער, איז עס דאָך נאָך געווען זעהר בלאַנק. ווען איך האב ארויס געצויגען דאס שווערטעל, האבען אלע טרופען ארויס געלאָזען א געשרייא פון שרעק אונד בעוואונדערונג, ווייל דיא זונן האט אָבגעשלאָגען א בלענדענדעס ליכט אויף דער קלינג אונד האט שטארק געפינקעלט אין זייערע אויגען, וועהרענד איך האב בעוואויגען דאס שווערט הין אונד צוריק.

זיינע מאַיעסטעט האט מיר אונטערדעסען געהייסען איך זאָל דאס שווערטעל אריין שטעקען צוריק אין דער שייד אונד דאס לאַנגזאַם אוועק ווארפען אויף א 6 פוס ווייטער פון דעם פלאַטץ וואו איך בין געווען צוגעבונדען.

ער האט דאן געהייסען איך זאָל ארויס נעהמען איין לעערען אייזערנעם סטאָלב, אונטער וועלכען ער האט געמיינט א פיסטויל. איך האב דאס געטהאָן, אונד זאָ וויט וויא מעגליך, האב איך איהם ערקלערט וואס מען קען טהון דערמיט. ער האט פון מיר פערלאַנגט, איך זאָל איהם צייגען וויא מען שיסט.

איך האב דאן אנגעלאַדען דיא פיסטויל בלויז מיט פולווער, וועלכער איז גראדע ניט פערנעטצט געוואָרען אין מיין גוט־פערמאַכטען פולווער־בייטעל. פריהער, נאַטירליך, האב איך געווארענט דעם קייזער, אז ער האט ניט פאַר וואס מורא צו האבען, אונד דאן האב איך אויסגעשאָסען אין דער לופט.

דיא בעוואונדערונג דערבייא איז אויך געווען פיעל גרעסער וויא צור צייט וואס מען האט געזעהען מיין שווערטעל. הונדערטער זיינען אַניעדער געפאַלען גראדע וויא זייא וואָלטען געבליעבען טויט. זאָגאר דער קייזער זעלבסט, אָבוואָהל ער איז געבליעבען שטעהען אויף'ן פלאַטץ, איז ער געווען אזוי פערווירט, אז עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז ער איז צו זיך געקומען.

איך האב אויסגעליעפערט מיינע ביידע פיסטוילען אויף דערזעלבער ארט וויא איך האב נעמהאָן מיט דעם שווערט; דאַן האב איך איבערררייכט דיא צווייא בייטלען מיט פולווער אונד מיט קוגלען, ערזוכענדיג, אז דער פולווער זאָל געהאלטען ווערען ווייט פון דעם פייער, ווייל דאס קען זיך אָנצינדען פון דעם קלענסטען פונק אונד צערשמעטערן זיין גאנצען קייזערליכען פאלאסט.

דאַן האב איך אוועק געגעבען מיין זייגער, וואס דער קייזער האט זיך שטארק פעראינטערעסירט צו זעהען, אונד ער האט געהייסען דיא צווייא העכסטע מענער פון זיין גווארדיע אוועק טראָגען דעם זייגער אויפגעהאנגען אויף א שטארקען שטעקען אויף זייערע שולטערן. ער איז געוועזען ערשטוינט איבער דעם בעשטענדיגען גערויש וואס איז פאָרגעגאנגען אינוועניג אונד דיא בעוועגונג פון דיא קליינע ווייזערלעך, וועלכעס ער האט געקענט גאנץ לייכט בעמערקען, ווייל זייער כח־הראייה איז פיעל שטארקער וויא דער אונזעריגער. ער האט געפרעגט דיא מיינונג פון זיינע געלערנטע מענער דאריבער, אונד זייא האבען געגעבען פערשיעדענע סברות, אָבער קיין איינציגע איז געווען דיא ריכטיגע, אָבוואָהל איך האב זייא ניט געקענט אין גאנצען פערשטעהען.

דאַן האב איך איבערררייכט מיין זילבער אונד קופער געלד, וויא אויך מיין בייטעל מיט 9 גרויסע גאָלד־שטיקער אונד אייניגע קלענערע. נאכדעם האט גע־פאָלגט מיין מעסערל, ראזיר־מעסער, מיין קעמעל אונד דאס זילבערנע טאבאק־פושקעלע, וויא אויך מיין האנד־טיכעל אונד טאגע־בוך.

מיין שווערט, פיסטוילען אונד דיא בייטעלען מיט פולווער אונד קוגלען, זיינען אוועק געפיהרט געוואָרען אויף גרויסע וועגען אין דיא מאגאזינען פון זיינער מאיעסטעט; אלע מיינע איבריגע זאכען, האט מען מיר צוריק געגעבען.

איין קעשענע, לויט וויא איך האב פריהער דערמאָהנט, איז ניט אונטערזוכט געוואָרען. דאָרט זיינען געלעגען מיינע ברילען, וועלכע איך פלעג צייטענווייז טראָגען, ווייל איך האב שוואכע אויגען. אויסער דעם האב איך נאך דאָרט געהאט א קליינעם שפאקטיוו אונד אנדערע קלייניגקייטען, וועלכע האבען דעם קייזער ניט געקענט בעקימערן, אונד איך האב מיך ניט געשפירט פערפליכטעט אין מיין עהרע זייא איהם צו ווייזען. איך האב גערעכענט, אז זייא קענען פערלוירען געהען אָדער קאליע ווערען, ווען איך וועל זייא ארויס געבען.

## קאפּיטעל 3.

**דער פּערפאַסער אונטערהאַלט דעם קייזער מיט זיינע אַדעל־מענער אונד פרויען אויף איין אונגעוועהנליכער אַרט. — אַ בע־שרייבונג איבער דיא אונטערהעלטע אין הויף פון ליליפּוט לאַנד. — דער פּערפאַסער קריעגט זיין פרייהייט אונטער געוויסע בעדינגונגען.**

מיין צערטליכקייט אונד גוטע בענעהמונג האט אזא איינדרוק געמאכט אויף'ן קייזער אונד זיין הויף, וויא אויך אויף דער ארמעע אונד דאס גאנצע פאָלק, דאס איך האב אָנגעפאנגען צו האָפען, אז איך וועל קריעגען מיין פרייהייט אין א קורצער צייט.

איך האב מיר גענומען דיא גרעסטע מיה נושא חן צו זיין בייא יעדען. דיא בעפעלקערונג האט זיך אָנגעפאנגען צו איבערצייגען, אז זייא האבען נים צו ער־ווארטען קיין געפאהר פון מיר.

מאנכע מאל פלעג איך מיך אוועק לעגען אונד לאָזען 5 אָדער 6 פון דיא מענשעלעך טאנצען אויף מיין האנד; דאן האבען שוין אויך געוואגט צו צוקומען דיא אינגלעך אונד מיידלעך, צו שפּיעלען אין בעהעלטעניש צווישען מיינע האאר.

איך האב אויך געמאכט א גוטען פאָרטשריט אין שטודירען אונד פערשטעהען זייער שפּראך.

אין א טאָג האט דער קייזער בעשלאָסען מיך צו אונטערהאלטען בייא עטליכע לאנדעס־פאָרשטעללונגען, וואו איך האב מיך איבערצייגט, אז דיא מענשעלעך פון ליליפּוט לאנד איבערשטייגען אלע אנדערע נאציאָנען אין קונסט אונד פראכט.

קיין זאך האט איבער מיר געמאכט אזא איינדרוק וויא דאס טאנצען אויף שטריק. דיא שטריק האבען בייא מיר אויסגעזעהען וויא דינע ווייסע פאָדעם, אויס־געצויגען אונגעפעהר אויף א שטרעקע פון 2 פוס אונד 12 צאָלל הויך פון דער ערד. איך נעהם מיר דיא פרייהייט מיט דעם לעזער'ס געדולד אום צו בעשרייבען דיעזע פאָרשטעלונג.

דיעזער אונטערהאלט ווערט נאָר דורכגעפיהרט פון אזעלכע פערזאָנען, וועלכע זיינען קאנדידאטען פיר גרויסע עמטער אונד איינפלוס אין קייזערליכען הויף. זייא

ווערען ערצויגען אין דיעזער קונסט נאך פון זייער יוגענד, אונד זייא זיינען ניט אימער פון קיין אדעל־געבורט אָדער א ליבעראלע בילדונג.

ווען א גרויסעס אמט ווערט לעער, ענטוועדער דורך דעם טויט פון דעם בע־אמטען, אָדער דורך דעם וואס מען האט דעם בעאַמטען ארונטער געוואָרפען אונד געשענדעט (וואס פאסירט זעהר אָפט,) דאן ערזוכען 5 אָדער 6 קאַנדידאטען פיר דעם אמט דעם קייזער אונד דעם הויף, אום צו געבען פאר זייא א פאָרשטעללונג אין שטריק־טאנצען. ווער עס שפרינגט אריבער העכער אונד פאלט ניט, דער קריעגט דאס אמט.

זעהר אָפט ווערען אויפגעפאָרדערט דיא גרעסטע מיניסטאָרען צו בעווייזען זייער קונסט, אום צו איבערצייגען דעם קייזער, אז זייא האבען נאך ניט פערלוירען פון זייערע פעהיגקייטען.

פלימנאַפ, דער קריעגס־מיניסטער, איהם איז ערלויבט, אָדער, בעסער געזאגט, ער דארף מאכען א גרעסערן שפרונג איבער דעם שטריק, וועניגסטענס מיט א צאָלל, העכער וויא דיא אנדערע לאָרדען אין לאנד. איך האב איהם געזעהען זיך עטליכע מאל איבערקעהרען ביים שפרונג אריבער דעם שטריק אונד ער איז אימער גע־בליעבען שטעהען אויף זיינע פיס.

מיין פריינד רעד רעסייל, דער הויפט־סעקרעטער פיר פריוואט־אנגעלעגענ־הייטען, איז, נאך מיין מיינונג, אויב איך בין נאָר ניט פארטייאיש, דער צווייטער נאך דעם פינאנץ־מיניסטער. דיא איבריגע בעאמטע שטעהען כמעט אלע גלייך.

דיעזע אונטערהעלטע ווערען זעהר אָפט בעגלייטעט מיט גרויסע אונגליקען, אונד לאנגע ליסטען פון פעראונגליקטע געפינען זיך שוין. איך אליין האב שוין גע־זעהען א צווייא אָדער דרייא קאנדידאטען זיך צוברעכען א פוס.

אָבער דיא געפאהר איז נאך גרעסער, ווען דיא מיניסטאָרען זעלבסט ווערען אויפגעפאָרדערט צו בעווייזען זייער קונסט. דיא אורזאכע דערפון איז, דאס צור צייט וואס זייא בעמיהען זיך איינער דעם אנדערן צו איבערטרעפען, שטרענגען זייא זיך אזוי פיעל אָן, אז עס איז אונמעגליך יעמאנד פון זייא זאָל ניט פאלען. אנדערע זיינען שוין געפאלען עטליכע מאל.

מען האט מיר דערצעהלט, דאס מיט א פאאר יאָהר צוריק איידער איך בין אהין געקומען, וואָלט פלימנאפ זיך געוויס צובראָכען זיין האלזנאקען, ווען דעם קייזער'ס א קישען, וועלכעס איז דורך א צופאל ארונטער געפאלען, וואָלט ניט אָבגעשוואכט דעם פאלל.

עס איז דאָ נאָך איין אונטערהאַלט, וועלכער ווערט נאָר געצייגט פאַר דעם קייזער מיט דער קייזערין אונד דעם פּרעמיער מיניסטער. דער קייזער לעגט אוועק אויף'ן טיש 3 פיינע זיידענע פּאָדעמס צו 6 צאָלל לאַנג; איינער איז בלוי, דער אַנדערער רויט, אונד דער דריטער גרין.

דיעזע פּאָדעמס זיינען בעשטימט אַלס פּרייז פיר דיעזע פּערזאָנען, וועלכע דער קייזער וויל בעזאָנדערס אויסצייכענען מיט זיין גנאַדע. דיא צערעמאָניע קומט פאָר אין קייזער'ס גרויסען שטאַאטס־זאַלאָן, וואו דיא קאַנדידאַטען ווערען פּראָבירט אין זייער פעהיגקייט.

דיעזע פּראָבע איז שטאַרק פערשיעדען פון דער ערשטער, אונד איז פון אַזא אַרט, וועלכע איך האב ניט געזעהען אין קיין לאַנד פון דער אַלטער אונד נייער וועלט. דער קייזער האַלט אַ שטעקען צווישען זיינע צוויא הענד אויסגעשטרעקט, וועהרענד דיא קאַנדידאַטען טרעטען פאָר איינציגווייז. מאַנכער שפּרינגט אריבער דעם שטעקען, איין אַנדערער קריכט ארונטער, ריקווערטס אונד פאָרווערטס איינינע מאַל, לויט וויא דער קייזער דרעהט מיט דעם שטעקען. יעדער שפּרינגט וויא איין אבגעריכטעטער הונד אין אונזערע לענדער. מאַנכע מאַל האַלט דער קייזער איין זייט שטעקען אונד דער פּרעמיער דיא אַנדערע זייט; אמאַל האַלט דער פּרעמיער ביידע זייטען. ווער עס צייגט מעהר געשווינדיגקייט אונד צייכענט זיך אויס אין שפּרינגען אונד קריכען, ווערט בעלוינט מיט דעם בלוי־קאָלירטען פּאָדעם; דער רויטער ווערט געגעבען צום צווייטען אין פעהיגקייט צו קריכען אונד שפּרינגען, אונד דער גרינער צום דריטען.

יעדער איינער וואס קריעגט אַזא פּאָדעם, טראָגט איהם ארום זיין גאַרטעל אַלס אַ גרויסע עהרע, אונד מען זעהט זעהר וועניגע אין קייזערליכען הויף וואס זאָלען ניט טראָגען אַזעלכע פּאָדעמס.

דיא פערד פון דער ארמעע אונד דיעזע פון דעם קייזערליכען שטאַל, וועלכע מען פלעגט פאַר מיר יעדען טאָג פאָרפיהרען, האבען זיך שוין מעהר ניט נעשראָקען, זאָנדערן זייא פלעגען צוקומען ביז צו מיינע פיס אָהן מורא.

איך פלעג ארונטער לעגען מיין האַנד צו דער ערד אונד מאַנכע רייטער מיט זייערע פערד זיינען אַרויף געשפּרונגען אויף דער דאָלאָניע. איינער פון דעם קייזער'ס יעגער, אַ בעריהמטער רייטער מיט זעהר אַ גוטעס פערד, האט אין אַ טאָג בעוויעזען זעהר אַ גרויסע קונסט; ער איז אַריבער געשפּרונגען מיט זיין פערד איבער דעם גאַנצען אונטערשטען טהייל פון מיין פוס.

אין אַ טאָג האב איך געהאט דיא עהרע צו אונטערהאַלטען דעם קייזער אויף

איין אינטערעסאַנטער אַרט. איך האב נעבעטען מען זאָל מיר געבען עטליכע שטעקענס צו 2 פוס הויך אונד זייא זאָלען זיין אזוי דיק, וויא אונזערער א געוועהנ־ליכער שפּאַציר־שטעקען. דער קייזער האט גלייך געהייסען דעם אויבער־אויפזעהער פון זיינע וועלדער מען זאָל מיך דערמיט בעזאָרגען. אויף'ן אנדערן מאָרגען זיינען אָנגעקומען זעקס וואַלד־ארבייטער מיט 6 וועגען, יעדער געפיהרט פון 8 פערד, גע־פּאַקט מיט דיא פערלאַנגטע שטעקענס.

איך האב גענומען 9 פון דיעזע שטעקענס אונד זייא אריין געשטעקט פעסט אין דער ערד, אין א רונדער פאָרמע. דאַן האב איך גענומען 4 אנדערע שטעקענס אונד זייא צוגעבונדען בייא דיא עקען וויא א פיער־עק. דארויף האב איך אויפגע־צויגען מיין טאַשענטוך אונד דאַן האב איך דאס אַלעס בעפעסטיגט אויף דיא 9 שטעקענס אין דער ערד. איך האב גוט אויסגעצויגען דאס טאַשענטוך, ביז עס איז געוועזען אזוי פעסט וויא א פּויק.

ווען איך האב פערטיג געמאַכט מיין ארבייט, האב איך געבעטען דעם קייזער ער זאָל צו שיקען א באַטאַליאָן רייטער, 24 אין דער צאָהל, זייא זאָלען זיך מושטירען אויף מיין טאַשענטוך.

זיינע מאַיעסטעט האט איינגעשטימט צום פאָרשלאַג, אונד נעהמענדיג דיא רייטער מיט דיא פערד איינציגווייז אין מיינע הענד, וועלכע זיינען געווען פאָלקאָמען בעוואַפענט, האב איך זייא מיט זייערע אָפיצירען ארויף געשטעלט.

וויא זייא האבען זיך אויסגעשטעלט אין אָרדנונג, האבען זייא זיך פערטהיילט אין צווייא פּאַרטייען אונד אָנגעפאַנגען א מאַנעווער, שיסענדיג מיט שטומפּפיגע פיילען, פאָכענדיג מיט זייערע שווערטען, יאָגענדיג איינער דעם צווייטען, אָנגרייפען, צוריק ציהען. קורץ, איך האב ענטדעקט דיא בעסטע מיליטערישע טאַקטיק אונטער זייא.

דיא זייטען־שטעקענס האבען געדיענט אַלס א שוץ־וואַנט פאַר דיא רייטערס אונד זייערע פערד, זייא זאָלען ניט ארונטער פאַלען. דער קייזער איז געווען אזוי ערפרייט דאַריבער, דאס ער האט געהייסען ווידערהאָלען דיעזע פאָרשטעללונג איייניגע טעג דורכאַנאַנד.

איינמאל האט זיין גנעדיגע מאַיעסטעט זעלבסט איינגעשטימט איך זאָל איהם ארויף שטעלען אויף דעם מושטיר־פּלאַץ אונד ער זעלבסט זאָל קאָמאַנדירען. נאָך שווערער מיה, האט דער קייזער קוים בעוואויגען דיא קייזערין, זיא זאָל מיר ער־לויבען איך זאָל זיא האַלטען מיט איהר שטוהל אין מיין האנד צווייא עללען ווייט

פון דעם הויכען מושטיר־פלאַטץ, דאמיט זיא זאָל קענען גוט זעהען דיא גאנצע פאָרשטעללונג.

עס איז געוועזען מיין גליק, וואס עס האט קיין אונגליק פאסירט בייא דיעזע פאָרשטעללונגען. בלויז איינמאל האט זעהר א ווילדעס פערד פון א קאפיטאַן, אָנגעפאנגען שטארק צו קלאפּען מיט זיין פאָדקאָווע, אונד געמאכט א לאָך אין מיין טאשענטוך; זיין פוס איז אריין אונד דער רייטער איז ארונטער געפאַלען. אָבער איך האב באלד געאיילט צו הילפע. צוהאלטענדיג דאס לאָך מיט מיין האנד אנדערע זאָלען ניט אריין פאַלען, האב איך מיט דער אנדערער האנד גלייך יעדען ארונטער געשטעלט, גראדע וויא איך האב זייא ארויף גענומע

דאס פערד וואס איז געפאַלען, האט זיך אויסגעלינקט דעם לינקען שולטער, אָבער דעם רייטער האט עס גאר ניט געשאדעט. איך האב אפילו באלד פעררינכט מיין טאשענטוך אזוי גוט וויא איך האב געקענט, נאָר איך האב מיך שוין מעהר ניט געוואָלט פערלאָזען דארויף בייא אזא געפעהרליכער אונטערנעהמונג.

מיט א פאאר טעג פריהער איידער מען האט מיר געגעבען מיין פרייהייט, וועהרענד איך האב אונטערהאלטען דעם הויף, איז אָנגעקומען איין עקסטרא פאָסט אום מיטצוטהיילען דעם קייזער, דאס מאנכע פון זיינע אונטערטהאנען, פאָהרענדיג איבער דעם פלאַטץ וואו מען האט מיך צו ערשט געפאנגען, האט מען געפונען א גרויסען אונד שווארצען געגענשטאנד. דיעזער איז געלעגען אויף'ן גראָז אונד האט זעהר א קאָמישע פאָרמע, אונד איז אזוי גרוים וויא זיינער מאיעסטעט'ס שלאָף־צימער. אין דער מיטע איז ער אזוי הויך וויא א מענש. איין אונטערזוכונג האט זייא בעוויעזען, אז דאס איז ניט קיין לעבעדיגע זאך, ווייל עס איז געלעגען אויף'ן גראָז אָהנע זיך צו בעוועגען, אונד מאנכע פון זייא זיינען געגאנגען ארום אונד ארום עטליכע מאל. איינער האט זיך ארויף געשטעלט אויף דעם אנדערן'ס שולטער אונד איז ארויף געקראָכען אויבען. דאס האט דער מאן בעמערקט, אז דער געגענשטאנד איז גראד אונד גלאט, נאָר קלאפּענדיג מיט זיין פוס דארויף, האט ער זיך איבערצייגט, אז אינוועניג איז דאס לעער אָדער אויסגעהוילט.

דאַן האבען זייא געזאגט, דאס אין פאל זיינע מאיעסטעט וויל, וועלען זייא דאס אריין ברענגען אין שטאָדט מיט 5 פערד.

איך האב באלד פערשטאנען וואס זייא מיינען, אונד עס האט מיך אויך געפרייט צו הערען דאריעבער.

עס שיינט, אז וויא איך האב נאָר וואס געגרייכט דעם ברעג, בין איך געוועזען זעהר פערווירט, אונד איך האב אירגענדוואו דאָרט פערלוירען מיין הוט,

רעבענענדיג, אז ער איז פערלוירען געגאנגען אין ים. דאס איז געווען, וואהרשיינליך, איידער איך האב מיך נאך געלעגט שלאפען.

איך האב ערווכט זיין קייזערליכע מאיעסטעט, אז ער זאל ארויס געבען א בעפעהל דער גענענשטאנד, דאס הייסט, מיין הוט, זאל צו מיר געבראכט ווערען אזוי שנעל וויא מעגליך. אויף'ן צווייטען טאג, איז אנגעקומען א וואגען ברענגענדיג מיין הוט, אבער ליידער איז ער מעהר ניט געווען אין קיין גוטען צושטאנד.

זייא האבען אויף צווייא פלעטצער אויסגעבויערט לעכער אונד אריין געשטעקט האקענס, וועלכע זיינען געווען בעפעסטיגט מיט שטריק. זייא האבען דעם הוט וואהרשיינליך ניט געקענט ארויף ציהען אויף'ן וואגען, אונד אזוי האבען זייא איהם געשלעפט איבער איין ענגלישע מייל ביז אין שטאדט אריין.

נאר אזוי וויא דער באדען איז דארט זעהר גלאט, האט דער הוט ניט געליטען אזוי פיעל שאדען וויא איך האב געקענט ערווארטען.

מיט צווייא טעג נאך דיעזער צוטרעפונג, האט דער קייזער געהייסען זיין גאנצע ארמעע זיך פארבערייטען, אונד עס איז געגעבען געווארען א זעלטענע פאר־שטעללונג.

ער האט פערלאנגט, אז איך זאל שטעהען וויא א טהורם מיט מיינע פיס צושפרייט אזוי שטארק וויא מעגליך. דאן האט ער געהייסען זיין גענעראל, (וועלכער איז געווען איין אלטער אונד ערפאהרענער קאמאנדאנט אונד מיינער איין אנ־הענגער,) ער זאל מושטירען דיא טרופען אונד מיט זייא דורכמארשירען צווישען מיינע פיס.

אינפאנטעריע אונד קאוואלעריע, מיט פויקען אונד פאהנען, אלעס האט בעד־דארפט דורכגעהען וויא אויף א פאראדע. דיא ארמעע איז בעשטאנען פון דרייא טויזענד פוס־געהער אונד טויזענד רייטער.

זיינע מאיעסטעט האט ארויס געגעבען א בעפעהל, דאס אירגענד יעמאנד, וואס וועט אנגרייפען מיין פערזאן, אין דער בעציהונג צו אנשטאנד, זאל בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט. אבער דאס האט דאך ניט געקענט פערהינדערן מאנכע יונגע אפיצירען אויפצוהויבען זייערע קעפ אונד קוקען ארויף בשעת זייא זיינען פארבייא געגאנגען אונטער מיר. אונד, צו זאגען דיא וואהרהייט, זיינען מיינע הויזען דאמאלס געווען אין אזא טרויעריגען צושטאנד, אז דאס האט געגעבען דיא געלעגענהייט פיר געלעכטער אונד בעוואונדערונג.

איך האב שוין געהאט אבגעשיקט אזוי פיעלע בקשות פיר מיין פרייהייט, דאס זיינע מאיעסטעט האט ענדליך ערשטענס אין מיניסטער־

קאבינעט אונד דאן פאר דעם פארלאמענט, וואו קיינער האט ניט געהאט דאגעגען, אויסער ס ק י ר ע ש  ב א ל ג א ל א ם, וועלכער איז געוועזען מיין טויט־שונא אהן אירגענד איין אורזאכע. אבער דער פארשלאג פיר מיין בעפרייאונג איז דאך דורכ־געפיהרט געווארען אונד דער קייזער האט דאס בעשטעטיגט.

סקירעש באלגאלאם, איז געוועזען  ד ע ר  ג א ל ב ע ל, אדער דער אדמיראל אונד האט געשפיעלט דיא ראלע אלס דעם קייזער'ס פערטרויעטער. ער איז אויך געוועזען גוט בעקאנט מיט דיא אנגעלעגענהייטען פון דעם לאנד, אבער ער איז אימער געוועזען מרה־שחורה'דיג, ניט צופריעדען מיט זיך אונד מיט דער גאנצער וועלט, אונד בייא דער מינדעסטער זאך האט ער געמאכט אזא זויער פנים, גלייך וויא ער וואלט געהאט בויך־וועהטאג.

ענדליך האט מען אבער געווירקט אויך איבער איהם ער זאל איינשטימען צו מיין פרייהייט, אבער ער האט געפועל'ט, מען זאל איהם לאזען אויפשרייבען דיא ארטיקלען אונד קאנדיציאנען אונטער וועלכע איך זאל פרייא ווערען, אונד פיר וועלכע איך וועל מוזען שווערען צו האלטען.

דיעזע ארטיקלען האט מיר סקירעש באלאגלאם פערזענליך געבראכט. ער איז געקומען מיט צווייא סעקרעטערע אונד איינינע אנדערע וויכטיגע פערזאנען.

נאכדעם וויא דיא ארטיקלען זיינען פאר מיר פארגעלעזען געווארען, בין איך ערזוכט געווארען צו שווערען אז איך וועל זייא מקיים זיין. דיא שבועה האט ערשטענס בעדארפט זיין לויט דעם מנהג פון מיין לאנד, אונד דאן לויט דיא גע־זעטצע פון ליליפוט לאנד.

דאס געזעטץ פון ליליפוט לאנד האט געלויטעט, אז איך דארף האלטען מיין רעכטען פוס אין מיין לינקער האנד, דאן זאל איך לעגען דעם מיטעלסטען פינגער פון מיין רעכטער האנד אויף מיין שארבען אונד מיט דעם גראבען פינגער זאל איך צו האלטען מיין אויער.

נאר וויסענדיג אז דער לעזער איז געוויס נייגיעריג צו האבען א בעגריף איבער דיא מנהגים פון דיעזען מערקווירדיגען פאלק, וויא איבער דיא ארטיקלען דורך וועלכע איך האב געקריעגען מיין פרייהייט, האב איך אלעס איבערזעטצט, ווארט אין ווארט, אזוי פינקטליך וויא נאר מעגליך, אונד דא גיב איך איבער אלעס פאר'ן פובליקום: —

„גאלבאסטא מאמארעם עולאמע גורדילא שעפין מוללי אוללי גוע.

„פיעל מעכטיגער קייזער פון ליליפוט, פרייד אונד שרעק פון דער גאנצער וועלט, וועלכען'ס הערשאפט ברייטעט זיך אויס אויף פינף טויזענד ב ל ו ס ט ר ו ג ס

(אונגעפעהר 12 קוואדראט מיילען) ביז צום ענדע פון דעם ערד־קוגעל; מאַנארך פון אלע מאַנארכען, העכער פון דיא מענשען־זיהן; וועלכען׳ס פיס פרעסען ארונטער ביז צום מיטעלפונקט, אונד וועלכען׳ס קאָפּ ריהרט אָן דיא זונן; בייא וועלכען׳ס קאָפּ־שאָקעל עס ציטערן דיא קניען פון דיא ערדישע פרינצען; אזוי שעהן וויא דער פריהלינג, אנגענעהם וויא דער זומער, פרוכטבאר וויא דער הערבסט, שרעקליך וויא דער ווינטער. זיין פיעל־ערהאבענע מאיעסטעט שלאָגט פאָר צו דעם מענש־בארג, וואס איז לעטצטענס געקומען אין אונזערע הערליכע הערשאפטען, פאָלגענדע ארטיקלען, וועלכע, דורך איין ערנסטע שבועה, זאָל ער זיין געצוואונגען צו ערפיללען:

1) דער מענש־בארג זאָל ניט אוועק פון אונזערע הערשאפטען אָהן אונזער איינשטימונג אונטער דעם גרויסען זיעגעל.

2) ער זאָל ניט וואגען צו קומען אין אונזער הויפּט־שטאָדט אָהן אונזער אויסדריקליכען בעפעהל, דאמיט אונזערע איינוואָהנער זאָלען מיט 2 שטונדען פריהער געווארענט ווערען צו פערבלייבען אין זייערע הייזער.

3) דער גענאנטער מענש־בארג זאָל נאָר שפּאצירען אויף אונזערע גרויסע וועגען, אונד ער זאָל ניט בעטרעטען אָדער זיך אוועק לעגען אויף אונזערע קאָרן־פעלדער.

4) געהענדיג אויף דיא ערלויבטע וועגען, זאָל ער גוט אכטונג געבען ניט ארויף צו טרעטען אויף דיא קערפּערס פון אונזערע ליעבע אונטערטהאנען, אויך ניט אויף זייערע פערד אונד דראָשקעס; ער זאָל אויך ניט נעהמען קיין איינ־ציגען פון אונזערע אונטערטהאנען אויף זיינע הענד, אָהן זייער איינשטימונג.

5) ווען איין עקסטרא פּאָסט מוז מאכען איין אונגעוועהנליכע שנעלע רייזע, זאָל דער מענש־בארג געצוואונגען זיין צו טראָגען אין זיינע קעשענעס דעם שליח אונד פערד א רייזע פון 6 טעג. דאס זאָל געשעהען ניט ווענינער וויא איין מאָל אין יעדען מאָנאט, אונד צוריק ברענגען דעם גענאנטען שליח (אויב דאס איז נאָר נעטהיג,) אין זיכערהייט צו אונזער לאַנד.

6) ער זאָל זיין אונזער פעראייניגטער נעגען אונזערע שונאים פון דער אינזעל בעלפוסקו, אונד טהון אלעס מעגליכע צו צערשטערען זייער פלאָטע, וועלכע מאכט יעטצט אלע פּאָרבערייטונגען אונז צו בעפאלען.

7) דער גענאנטער מענש־בארג זאָל, אין זיינע לעערע שטונדען, אונטער־שטיטצען אונד העלפען אונזערע ארבייטער, אויפצוהויבען גרויסע שטיינער אום

צו בעדעקען דיא וואנט פון דעם גרויסען פארקען אונד אויך פיר אנדערע פון אונזערע קייזערליכע געביידען.

8) דער גענאנטער מענש-בארג זאָל אויך, אין 2 מאָנאט צייט, אויסמעסטען אָדער ארום געהען אונזערע לענדער, אונד זאָל אונז אָבגעבען א בעריכט וויפיעל פון זיינע שפאַן דאס ענטהאלט.

„אונד, שליסליך, זאָל ער אויף זיין הייליגסטער שבועה בעפאָלגען דיא גענאנטע אַרטיקלען, אונד דער מענש-בארג זאָל קריעגען טעגליך גענוג עסען אונד טרינקען גענוג פיר 1724 פון אונזערע אונטערטהאנען, וועלכעס בילדעט זיין נעטהיגע פּאָרציאָן. ער זאָל אויך האבען פרייען צוטריט צו אונזערע פּערזאָן אונד אנדערע פּריווילעגיען.

„דאס אלעס איז ארויס געגעבען געוואָרען אין אונזער פּאַלאסט פון בעלפאַ־באראק, אם 12־טען טאָג פון דעם 91־טען מאָנאט פון אונזער־רעגיערונגס־צייט.“

איך האב געשוואוירען אונד זיך אונטערשריעבען אויף דיעזע ארטיקלען מיט פערגניעגען אונד צופריעדענהייט. מאנכע ארטיקלען זיינען אפילו ניט געווען פּאסענד פיר מיין עהרע, אָבער איך האב מיר ניט געקענט העלפען, סקירעש באָלאָגלאַם איז געוועזן מיין שונא אונד אזוי האט עס געמוזט בלייבען.

מיינע קייטען זיינען גלייך ארונטער גענומען געוואָרען אונד איך האב געקריעגען מיין פרייהייט.

דער קייזער אליין, פּערזענליך, האט מיר אָבגעגעבען דיא עהרע, דערמיט וואס ער איז ערשיענען צו דער צערעמאָניע. איך האב געצייגט מיין דאנקבארקייט, דאמיט וואס איך האב מיך געוואָרפען צום קייזער'ס פיס; אָבער ער האט מיר געהייסען אויפשטעהען, אונד נאכדעם וויא איך האב מיך זעהר בעדאנקט, האט ער געזאגט:

„איך וויל האָפען, אז איך וועל אין דיר האבען א גיטצליכען דיענער, וועלכער זאָל פּערדיענען אלע גנאדען וואס איך האב דיר געצייגט, אָדער וואס איך וועל דיר נאך צייגען אין דער צוקונפט.“

דער לעזער האט געוויס בעמערקט, אז אין דעם לעטצטען ארטיקעל פון דעם דאָקומענט וואס האט מיר געגעבען מיין פרייהייט, איז געווען איינגעשריעבען, אז מען זאָל מיר געבען עסען אונד טרינקען יעדען טאָג וואס זאָל גענוג זיין פיר 1724 ליליפּוטאנער. מיט א קורצער צייט שפּעטער, אלס איך האב געפרעגט מיינעם א פריינד, וויא עס קומט וואס מען האט געוואוסט אקוראט פון אזא צאָהל, האט ער מיר ערקלערט, אז זיינער מאיעסטעט'ס מאטהעמאטיקער, האבען אָבגעמאָסטען דיא

הויכקייט פון מיין קערפער, אונד זעהענדיג, אז דאס שטעהט געגען זייערע קערפער, וויא 12 צו 1, האבען זייא בעשלאָסען, אז מיין שווערקייט מוז זיין וויא 1724 פון זייערע מענשען. פאָלגליך האב איך בענעטהיגט אזוי פיעל שפייז.

דער לעזער קען זיך דאָ אלזאָ פאָרשטעלען דיא שארפזיניגקייט פון דיעזען פאָלק, וויא אויך דיא פאָרזיכטיגקייט אונד עקאָנאָמיע פון דעם גרויסען קייזער.

### קאפיטעל 4.

## א בעשרייבונג איבער מילדענדאָ, דיא הויפט-שטאָדט פון ליליפוט, צוזאַמען מיט דעם קייזער׳ס פאַלאַסט. — איין אונטער־רעדונג צווישען דעם פערפאַסער אונד א הויפט סעקרעטער איבער דיא אַנגעלעגענהייטען פון דער מדינה. — דער פער־פאַסער ערקלערט זיך בערייט צו דיענען דעם קייזער אין זיינע מלחמות.

נאכדעם וויא איך האב ערהאלטען דיא פרייהייט, איז מיין ערשטע בקשה געווען, מען זאָל מיר ערלויבען איך זאָל זעהען דיא הויפטשטאָדט מילדענדאָ. דער קייזער האט דאס מיר באלד ערלויבט. אָבער ער האט מיר אָנגעזאגט, איך זאָל אכטונג געבען אונד ניט שאדען דיא איינוואָהנער אָדער זייערע הייזער.

דאס פאָלק האט ערהאלטען צו וויסען, דורך א ספעציעלע פראָקלאמאציאָן, אז מיין אבזיכט איז צו בעזוכען דיא שטאָדט.

דיא וואנט אָדער מויער וואס האט ארום געריננעלט דיא שטאָדט, איז צווייא אונד א האלב פוס הויך אונד וועניגסטענס עלף צאָלל דיק, זאָ דאס א דראָשקע מיט פערד האט זעהר לייכט געקענט אויף איהר ארום פאָהרען. דיא מויער האט אויך גרויסע טהורמס 10 פוס וויט איינעם פון אַנאַנדער.

איך האב אריעבער געשפאנט איבער דעם גרויסען וועסט־טויער אונד בין פאָרזיכטיג געגאנגען איבער דיא צווייא הויפט־שטראסען, טראָגענדיג נאָר מיין וועסט אונד ניט מיין ראָק, ווייל איך האב מורא געהאט, אז מיט דעם ראָק וועל איך בעשעדיגען דיא הייזער אונד דיא בלומען ארום זייא.

איך האב שפאצירט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט, אונד איך האב אכטונג געגעבען ניט צו צערטרעטען יעמאנדען וואס איז געבליעבען אויף דער

שטראסע, אָבוואָהל דער קייזער האט ארויס געגעבען א בעפעהל יעדער זאָל זיין אין דיא הייזער, אונד ווען ניט, דאן וועט דער געשעדיגטער אליין שולדיג זיין.

דיא דאך־פענסטער אונד דיא שפּיטצען פון דיא הייזער, זיינען געווען אזוי געפּאקט מיט מענשען, אז איך האב גערעכענט, דאס אויף אַלע מיינע רייזען, האב איך נאך ניט געזעהען קיין גרעסער בעפעלקערטע געגענד.

דיא שטאָדט איז גראדע א פיער־עק, אונד יעדע זייט ביז צו דער מויער, איז 500 פוס לאַנג. דיא צווייא גרויסע שטראסען וועלכע קרייצען זיך דורך אונד צער־טהיילען זיך אין 4 חלקים, זיינען צו 5 פוס ברייט.

דיא איינגאנגען אונד קאָרידאָרען, דורך וועלכע איך האב ניט געקענט אריין געהען אונד בלויז אויסגעקוקט, זיינען פון 12 ביז 18 צאָלל ברייט.

דיא שטאָדט קען האלטען ביז 500,000 מענשען, דיא הייזער זיינען געבויעט פון 3 אונד 4 שטאָק ; דיא געשעפטס־הייזער אונד מארקען, זיינען גוט געפּאקט מיט סחורה.

דעם קייזער׳ס פּאלאסט איז אקוראט אין מיטען שטאָדט, וואו דיא צווייא גרויסע שטראסען בעגעגענען זיך. דער פּאלאסט שטעהט אויף איינגעשלאָסען אין א מויער 2 פוס הויך אונד 20 פוס דערווייטערט פון דער געביידע.

זיינע מאיעסטעט האט מיר ערלויבט אריבער צו שפּאנען איבער דער מויער. דער פּלאטץ צווישען דער מויער אונד דעם פּאלאסט, איז דאן געווען גענוג גרויס אום איך זאָל קענען בעמערקען יעדע קלייניגקייט פון דער געביידע, נאטירליך פון דרויסען.

דער אויסווערטיגער הויף איז א פיער־עק פון 40 פוס, אונד אין דעם ליגען נאך 2 אנדערע הויפען. אין דעם אינווייניגסטען הויף, געפינען זיך דיא קייזערליכע צימערן, וועלכע איך האב זעהר געוואָלט זעהען, אָבער דאס איז געווען זעהר שווער, ווייל דיא גרויסע טויערן, האבען מעהר ניט געהאלטען וויא 18 צאָלל ברייט.

דיא געביידען פון דעם צווייטען הויף, זיינען וועניגסטענס 5 פוס הויך, אונד עס איז מיר אונמעגליך געווען זייא אריבער צו שפּאנען אָהנע עפּעס צו בעשעדיגען, אָבוואָהל דיא ווענט זיינען שטארק געבויעט פון געהאקטע שטיינער אונד זייא זיינען 4 צאָלל דיק.

אין דערזעלבער צייט אָבער, האט דער קייזער זעהר געוואָלט איך זאָל זעהען דעם פּראכט פון זיין פּאלאסט. נאָר דאס בין איך ניט אימשטאנדע געווען דורכ־צופיהרען, ביז מיט 3 טעג שפּעטער נאכדעם וויא איך האב אויסגעשניטען מיט

מיין מעסער דיא העכסטע בוימער פון דעם קייזערליכען גארטען, אונגעפעהר א הונדערט עללען פון דער שטאדט.

פון דיזע בוימער האב איך געמאכט צוויא ביינקלעך; יעדעס אונגעפעהר 3 פוס הויך, אונד שטארק גענוג מיך אויסצוהאלטען.

נאכדעם וויא דאס פאלק האט ערהאלטען איין אנציינע צום צווייטען מאל, בין איך אריין דורך דער שטאדט צום פאלאסט מיט מיינע צוויא ביינקלעך אין דיא הענד. ווען איך בין צוגעקומען צום אויסווערטיגען הויף, האב איך מיך ארויף געשטעלט אויף איין ביינקעל אונד גענומען דאס צווייטע אין מיין האנד. דאס האב איך אויפגעהויבען איבער דעם דאך אונד דאס לאנגזאם אוועק געשטעלט אויף דעם לעערען פלאטץ צווישען דעם ערשטען אונד צווייטען הויף, וואו עס איז געווען רוים אויף 8 פוס ברייט. דאן האב איך אריבער געשפאנט איבער דער געביידע, אהן הינדערניסע פון איין ביינקעל אויף'ן צווייטען אונד ווידער אריבער גענומען דאס ערשטע ביינקעל מיט א שטעקען וואס האט געהאט א האקען.

אויף דיזער ארט, בין איך אריין אין אינוועניגסטען הויף. דאן האב איך מיך אוועק געלעגט אויף א זייט אונד צוגעלעגט מיין געזיכט צו דיא פענסטער פון דעם מיטעלסטען שטאק, וועלכע זיינען געלאזען געווארען אפען ספעציעל פיר מיר, אונד איך האב דארט ערבליקט דיא שענסטע צימערן וואס איך האב מיר געקענט פארשטעלען.

דארט האב איך געזעהען דיא קייזערין אונד יונגע פרינצען אין זייערע פער־שיעדענע וואהנונגען, מיט זייערע הויבע בעדיענטע ארום זייא. איהר קייזערליכע מאיעסטעט האט געהאט דיא גנאדע צו מיר זעהר ליעבענסווירדיג צו שמייכלען, אונד זיא האט ארויס געשטעקט פון דעם פענסטער איהר האנד איך זאל זיא קושען.

אבער איך וויל נים פאראויס דערצעהלען דעם לעזער פון אזעלכע זאכען, ווייל איך לאז דאס צוריק פיר א גרעסערעס ווערק, וועלכעס איז שוין באלד פערטיג פון דרוק, וואו עס ענטהאלטעט איין אלגעמיינע בעשרייבונג פון דיזען קייזערטהום, זייט עס איז געגרינדעט געווארען ביז נאך א לאנגער רייהע הערשער. עס ווערט איבערהויפט זיין בעשריעבען איבער זייערע מלחמות אונד פאליטיק, געזעטצע, בילדונג אונד רעליגיאן; זייערע פלאנצונגען אונד חיות; זייערע מערקווירדיגע בענעהמונגען אונד מנהגים, וויא אויך אנדערע מערקווירדיגע אונד ניטצליכע זאכען.

מיין הויפט ציעל איז יעטצט, בלויז צו דערצעהלען איבער אזעלכע עראייגניסע

וואס האבען פאסירט אונטער דעם פאלק אדער מיט מיר זעלבסט וועהרענד דער צייט וואס איך האב געוואהנט 9 מאנאט אין דעם לאנד.

אין א גאנץ פריה, אונגעפעהר א פאאר וואכען נאכדעם וואו איך האב גע־קריעגען דיא פרייהייט, איז ערשיענען אין מיין הויז רעלדרעסאל, דער הויפט־סעקרעטער (וויא זייא פלעגען איהם רופען,) אונד ער איז נאר געוועזען בעגלייטעט פון איין דיענער.

ער האט בעפוילען זיין דראשקע זאל אויף איהם ווארטען מיט א היבשע שטרעקע ווייטער, אונד פערלאנגט איך זאל איהם געבען אודיענץ אויף א שטונדע צייט. איך האב דערצו באלד איינגעשטימט דורך זיין ראנג אונד פערזענליכע פערדיענסטע, וויא אויך פאר דיא פיעלע טובות וואס ער האט מיר געטהון וועהרענד מיינע בקשות צום הויף.

איך האב איהם אנגעבאטען מיך אוועק צו לעגען, דאמיט ער זאל קענען בעקוועמער גרייכען מיין אויער. ער האט אבער בעסער פארגעצויגען איך זאל איהם האלטען אויף מיין האנד וועהרענד אונזער אונטעררעדונג.

ערשטענס האט ער אנגעפאנגען מיך צו גראטולירען צו מיין פרייהייט. דאן האט ער אזוי געזאגט:

„איך וואלט פיעללייכט פערלאנגט א דאנק דאפיר, אבער, וויא דיא זאך איז, בין איך ניט אין גאנצען דיא אורזאכע פון דיין פרייהייט. עס איז אויך מעגליך, דאס ווען עס וואלט ניט געוועזען דורך דיא יעטצטיגע אונרוהיגע צושטענדען אין הויף, וואלסטו דיין פרייהייט ניט אזוי שנעל געקריעגען.“

איך האב איהם אנגעקוקט ערשטוינט אונד ער האט פארטגעזעטצט:

„אונזער לאגע איז ניט זעהר קיין גלענצענדע. מיר ווערען ערשטענס גע־דראהעט פון איין אויסלענדישען שונא אונד דערצו האבען מיר צווייא פארטייען אין לאנד זעלבסט, וועלכע האלטען אונז אימער וויא איבער א פייערשפייענדיגען בארג. דיא געפאהר פון א בעלאגערונג פון דעם אויסלענדישען שונא, איז אויך זעהר נאהענט. וואס עס אנבעלאנגט צו דיא אינלענדישע אונרוהען, וויל איך דיך בעקאנט מאכען, דאס עס זיינען שוין פאראיבער 70 מאנאט וואס דיעזע צווייא פארטייען קעמפפען אין לאנד; דיא ערשטע איז דיא טראמעקסאן אונד דיא צווייטע דיא סלאמעקסאן. זייא ווערען אזוי גערופען פאר דיא הויכע אונד ניעדריגע קנאפלען וואס זייא טראגען אויף זייערע שיך.

„עס ווערט אונטערדעסען בעהויפטעט,“ האט ער ווייטער געזאגט, „אז דיא הויכע קנאפלען האלטען גאנץ גוט פון אונזער אלטע קאנסטיטוציאן; אבער וויא

דיא זאך זאָל ניט זיין, האט זיינע מאַיעסטעט בעשלאָסען זיך צו בעדיענען מיט דיא ניעדריגע קנאָפּלען בייא דער פערוואַלטונג פון דער רעגיערונג. דערצו בעלאַנגען נאך אלע עמטער צו דער קרוין, וויא דוא האסט שוין וואהרשיינליך בעמערקט.

„הויפּטזעכליך שפּיעלט דיא ראָלע," האט ער פלוצלינג געזאגט מיט א זיפץ, „וואס דיא קנאָפּלען פון זיינער מאַיעסטעט, דער קייזער, זיינען ניעדריגער וועניגסטענס מיט א ד ר ו ר ר אלס דיעזע פון אלע זיינע הויפּלייט (א ד ר ו ר ר איז א מאָס אונד איז אונגעפעהר דער 14־טער טהייל פון א צאָלל). דיא שנאה צווישען דיעזע צווייא פּאַרטייען, איז שוין אזוי וויט געשטיעגען, אז זייא ווילען אפילו ניט עסען אונד טרינקען, נאָר דעבאַטירען אײנער מיט אַנאַנדער.

„מיר רעכענען, אז דיא ט ר אַ מ ע ק ס אַ ן, אָדער הויכע קנאָפּלען, איבערשטייגען אונז אין דער צאָהל, נאָר דיא קראַפט ליעגט הויפּטזעכליך אין אונזערע הענד. מיר גלויבען אויך, אז זיין קייזערליכע האָהייט, דער קרוין־פּרינץ, האט א נייגונג צו דיא הויכע קנאָפּלען; וועניגסטענס בעמערקען מיר, אז איינער פון זיינע קנאָפּלען איז אביסעל העכער פון דעם צווייטען אונד דאס פעראורזאַכט וואס ער הינקט צו אביסעל.

„יעטצט צווישען דיעזע אינערליכע אונרוהען, קענסטו דיר פּאָרשטעלען וואס דאס בעדייטעט. ווען מיר שרעקען זיך נאך פאר איין איבערפאַל פון דער אינזעל בלעפוסקו, וועלכעס איז דאס צווייטע גרויסע קייזערטהום אין דער וועלט, בייא‎נאַהע אזוי גרויס אונד מעכטיג וויא דאס פון זיינער מאַיעסטעט.

„וואס עס אַנבעלאַנגט צו דעם וואס דוא האסט בעהויפּטעט, אז עס געפינען זיך נאך אַנדערע לענדער בעוואָהנט מיט אזעלכע מענשען וויא דוא ביסט, צווייפלען זעהר אונזערע פילאָזאָפען, אונד זייא דענקען בעסער, אז דוא ביסט ארונטער געפאלען פון דער לבנה אָדער פון עפּעס איין אַנדערן שטערן. וויל עס איז א טהאטזאכע, אז אזעלכע הונדערט וויא דוא ביסט, וואָלט איהר באַלד געקענט צערשטערען אלע פריכטע אונד בהמות פון זיינער מאַיעסטעט'ס הערשאַפט. אויסער דעם דערמאָהנען גאר ניט אונזערע היסטאָריקער, פון 6000 מאָנאַט צוריק אירגענד וועלכע אַנדערע הערשאַפט אלס דיעזע פון דיא צווייא גרויסע קייזערטהימער ליליפוט אונ־בלעפוסקו.

„דיעזע צווייא גרויסע מעכטע האבען, וויא איך האב דיר געוואָלט דערצעהלען, געפיהרט א פירכטערליכע מלחמה מיט 36 מאָנאַט צוריק.

„עס איז ענטשטאַנדען דורך פאָלגענדער אורזאַכע: עס איז פיר יעדען בעקאַנט, אז דער אלטער מנהג פון אויפברעכען איין איי, איידער מיר עסען דאס,

דארף זיין אויף דער ברייטער זייט. אָבער דער גרויס־פּאטער פון אונזער יעטצטיגער מאיעסטעט, ווען ער איז נאָך געווען א אינגעל, האט ער געוואָלט עסען איין איי אונד דאס אויפגעבראָכען לויט דעם אַלטען מנהג. דערבייא האט ער זיך צושניטען א פינגער, אונד זיין פאטער, דער קייזער, האט ארויס געגעבען א בעפעהל צו אלע זיינע אונטערטהאנען, אויפצוברעכען דיא אייער פון דער שמאָלער זייט, זאָנסט וועלען זייא שווער בעשטראפט ווערען.

„דאס פאָלק האט זיך אזוי ענטקעגען געשטעלט צו דיעזען בעפעהל, אז לויט וויא אונזערע היסטאָריקער דערצעהלען, האבען זעקס רעוואָלוציאָנען אויסגע־בראָכען דאריעבער, וואו איין קייזער האט פערלוירען זיין לעבען אונד דער צווייטער זיין קרוין.

„דיעזע צווייא מלחמות זיינען אונטערגעהעטצט געוואָרען דורך דיא הערשער פון בלעפוסקו; אונד ווען איין אויפשטאנד איז אונטערדריקט געוואָרען, זיינען אימער דיא אנפיהרער ענטלאָפען אין גענאנטען לאנד.

„עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, אז עלף טויזענד מענשען האבען וועהרענד דיעזער צייט בעסער בעצאָהלט מיט זייער לעבען, אלס זיך אונטערצוגעבען צו צער־ברעכען דיא אייער בייא דער שמאָלער זייט.

„איינינע הונדערט גרויסע ביכער זיינען ארויס געגעבען געוואָרען איבער דיעזען ויכוח; נאָר דיא ביכער פון דיא ב י ג ־ ע נ ד י א נ ס, זיינען שוין לאנג פערבאָטען געוואָרען, אונד דיא גאנצע פארטייא האט פערלוירען דאס רעכט צו בעקליידען איין אמט.

„וועהרענד דיעזע אונרוהיגע צייטען, האבען דיא הערשער פון בלעפוסקו זיך מעהרערע מאל בעקלאגט דורך זייערע אמבאסאדאָרען, בעהויפטענדיג, אז מיר זיינען אפיקורסים דערמיט וואס מיר זיינען עובר געווען דיא פונדאמענטאלע לעהרען פון אונזער גרויסען נביא ל ו ס ט ר אָ ג, אין דעם 54־טען קאפיטעל פון ב ל ו נ ד ע ק ר א ל, וועלכעס איז זייער תורה.

„אָבער דאס אלעס איז נאָר א פוסטער פלפול, דען, אין דער וואהרהייט גע־שפּראָכען, שטעהט אזוי געשריעבען: „אלע אמת'ע גלויביגע דארפען צוברעכען זייערע אייער בייא דער פאסענדער זייט,“ אונד, דיא פאסענדע זייט, לויט מיין אונ־טערטהעניגער אנזיכט, דארף מען איבערלאָזען צום אורטהייל פון יעדען מענשען'ס געוויסען, אָדער וועניגסטענס צו דער קראפט פון א הויפט־ריכטער ער זאָל דאס ענטשיידען.

„יעצט וויעדער, האבען דיא ביג־ענדיאן פערטריעבענע אזוי נושא חן געווען אין הויף פון דעם בעלפוסקו קייזער, אונד זייא האבען אויך אזוי פיעל ערמונטערונג אונד הילפע פון זייער פארטייא בייא אונז אין לאנד, דאס א בלוטיגער קריעג איז געפיהרט געוואָרען צווישען דיא צווייא פארטייען וועהרענד 36 מאָנאט. דער זיעג איז געווען פערשיעדען. וועהרענד דיעזער צייט האבען מיר פערלוירען 40 מעכטיגע שיפען אונד נאך א גרעסערן צאָהל קלענערע שיפען, צוזאמען מיט 30 טויזענד פון אונזערע בעסטע מאטראָזען אונד סאָלדאטען.

„דעם שאדען וואס דער שונא האט ערליטען, רעכענט מען נאך אויף אביסעל גרעסער. אָבער, וויא דיא זאך איז, האבען דיא שונאים יעטצט אויסגעשטאטעט א מעכטיגע פלאָטע, אונד זייא פאָרבערייטען זיך אונז צו בעפאלען. זיין קייזערליכע מאיעסטעט אָבער, וועלכער האט זעהר פיעל פערטרויען אויף דיין קראפט אונד ווערטה, האט מיר בעפוילען איך זאָל דיא גאנצע אנגעלעגענהייט פאר דיר פאָרלעגען.״

ווען איך האב דאס אלעס אויסגעהערט, האב איך מיטגעטהיילט דעם סעקרעטער, ער זאָל איבערגעדען מיין אונטערטהעניגע פליכט צום קייזער, אונד איהם לאָזען וויסען, „דאס אָבוואָהל איך דענק, אז עס פאסט ניט פאר מיר, אלס איין אויסלענדער, זיך אריין צו מישען אין פארטייען, בין איך דעננאך בערייט, אויף דער געפאהר פון מיין לעבען, צו פערטהיידיגען זיין פערזאָן אונד שטאאט געגען אלע עראָבערער.״

## קאפיטעל 5.

**דער פערפאַסער, דורך איין אויסעראָרענטליכער קריעגס־טאַקטיק, פערהינדערט ער דאס איינדרינגען פון דעם שונא. — א הויכער עהרענטיטעל ווערט איהם געגעבען. — געזאַנדטע קומען אָן פון דעם קייזער פון בלעפוסקו אונד פערלאַנגען פריעדען. — דער קייזערין׳ס צימערען צינדען זיך אָן דורך א צופאַלל; — דער פערפאַסער רעטעט דעם איבריגען טהייל פון פאַלאַסט.**

ליליפוט איז א טהייל פון דעם ברייטען לאנד, וועהרענד דאס קייזערטהום פון בעלפוסקו ליעגט אויף איין אינזעל אין דער נאָרד־אָסט זייט. ביידע לענדער

זיינען אָבגעטהיילט פון אנאנדער, דורך א קאנאל, וועלכער איז 800 עללען ברייט.

איך האב נאך דעם קאנאל ניט געזעהען, אונד אויף דער אנצייגע, אז דער שונא בעאבזיכטיגט איינצודרינגען אין לאנד, האב איך נאך מעהר אויסגעמיעדען דאָרט צו ערשיינען, דאמיט איך זאָל ניט ענטדעקט ווערען פון דעם שונא׳ס א שיף. אין בעלפוסקו האט מען נאך פון מיר ניט געהערט. יעדער פערקעהר צווישען דיעזע צווייא לענדער, איז געוועזען שטרענגס פערבאָטען וועהרענד דעם קריעג.

איך האב מיטגעטהיילט צו זיינער מאיעסטעט א פּלאַן וואס איך האב געמאכט, אום צו פאנגען דיא גאנצע פלאָטע פון דעם שונא. דיעזע פלאָטע, לויט וויא אונזערע שפּיאָנען האבען אונז מיטגעטהיילט, איז געלעגען פערטיג געאנקערט אין האפען, בערייט אָבצוזעגלען בייא דעם ערשטען גינסטיגען ווינט.

איך האב מיך בעראטהען מיט דיא ערפאהרענסטע זעע־לייטע איבער דעם טיעפקייט פון דעם קאנאל, וועלכע זייא האבען אָפטמאל פּראָבירט, אונד זייא האבען מיר געזאגט, אז אין מיטען איז ער זיעבציג גלומגלופפס טיעף, וועלכעס איז אונגעפעהר 6 פוס לויט אייראָפּעאישער מאָס, וועהרענד דיא אנדערע טהיילען, זיינען ניט מעהר וויא פופציג גלומגלופפס טיעף.

איך האב אוועק שפּאצירט צו דער נאָרד־אָסט קיסטע, געגענאיבער בלעפוסקו, איך האב מיך אוועק געלעגט הינטער א פעלזען. דאן האב איך ארויס גענומען מיין קליינעם שפּאקטיוו אונד מיר בעטראַכט דעם שונא׳ס פלאָטע אין אנקער. דיעזע איז בעשטאנען פון אונגעפעהר פופציג קריגס־שיפען אונד א גרויסער אנצאָהל טראנספּאָרט־שיפען.

נאכדעם בין איך אהיים געקומען אונד ארויס געלאָזען בעפעהלע (פיר וועלכען איך האב געקריעגען א ספּעציעלעס רעכט), דאס מען זאָל מיר ברענגען א גרויסע מאסע שטריק אונד אייזערנע שטאנגען.

דיא שטריק זיינען געוועזען אזוי דיק וויא אונזערער א פאָדעם אונד דיא שטאנגען אזוי לאנג אונד אזוי גרויס וויא אונזערע א העקעל־נאָדעל.

איך האב צוזאמען געלעגט דיא שטריק עטליכע מאל אום דאס צו מאכען שטארקער, אונד דאן האב איך אויך צוזאמען געדרעהט מעהרערע פון דיא שטאנגען אונד פון זייא געמאכט א האָקען.

אויף דיעזער אָרט האב איך מיר געמאכט 50 האָקענס מיט גראדע אזוי פיעלע שטריק, אונד דערמיט בין איך ארויס געגאנגען צו דער נאָרד־אָסט קיסטע.

אָנקומענדיג אהין, האב איך מיר אויסגעצויגען מיין ראָק, שיך אונד זאָקען אונד בין אריין אין ים, וואו דאס וואסער האט געגרייכט ביז צו מיין לעדערנעם גארטעל.

דאַן האב איך אָנגעפאנגען שנעל צו שווימען ביז איך בין אריבער דעם קאנאל. נאך א האלבע שטונדע צייט, בין איך צוגעקומען צו דער פלאַטע.

דיא שונאים האבען זיך אזוי דערשראָקען ווען זייא האבען מיך דערזעהען, דאס זייא האבען אָנגעפאנגען ארויס צו שפּרינגען פון דיא שיפען אונד צו שווימען צום ברעג. דאָרט האב איך בעמערקט, זיינען געווען א דרייסיג טויזענד זעלען.

דאַן האב איך גענומען מיין ווערק־צייג, אונד צו טשעפּענדיג א האָקען צו יעדער שיף, האב איך אַלע שטריק צוזאמען געבונדען בייא דיא עקען.

וועהרענד דיעזער ארבייט, האבען דיא שונאים דערווייל אָבגעשאָסען עטליכע טויזענד פיילען, אונד פיעלע פון זייא זיינען געבליעבען שטעקען אין מיינע העגד אונד געזיכט. אויסער דעם וואס דאס האט מיר פעראורזאכט גרויסע שמערצען, האט עס נאך געשטערט מיין ארבייט.

איבערהויפּט האב איך זעהר מורא געהאט פאר מיינע אויגען, וועלכע איך וואָלט אויך דאָרט פערלוירען, ווען א גליקליכער געדאנק וואָלט מיר ניט אריין געקומען. אונטער פערשיעדענע אנדערע קלייניגקייטען, האב איך אויך געהאלטען א פּאאר ברילען אין מיין קעשענע, וועלכע, לויט וויא איך האב שוין בעמערקט, האבען דעם קייזער׳ס זוכערס זייא ניט ענטדעקט. דיעזע האב איך באַלד ארויס גענומען אונד זייא בעפעסטיגט אויף מיין נאַז אזוי שטארק וויא נאָר מעגליך.

אויף דיעזער ארט, האב איך פלייסיג פאָרטגעזעטצט מיין ארבייט, טראָטץ דיא צאָהלרייכע פיילען פון דעם שונא, פון וועלכע פיעלע האבען זיך אָבגעשלאָגען אין דעם גלאָז פון מיינע ברילען. אָבער דאס האט זעהר א קליינעם איינדרוק געמאכט.

איך האב שוין געהאט בעפעסטיגט אַלע מיינע האָקענס, אונד אָננעהמענדיג דיא שטריק, האב איך אָנגעפאנגען צו שלעפּען. אָבער קיין שיף האט זיך געוואָלט ריהרען, אַלע זיינען געווען שטארק בעפעסטיגט מיט זייערע אנקערס. אויף דיעזער ארט האב איך נאך געהאט א שווערע ארבייט דורכצופיהרען.

איך בין געצוואונגען געווען אָבצולאָזען דיא שטריק מיט דיא האָקענס אין דיא שיפען, אונד איך האב בעשלאָסען איבערצושניידען מיט מיין מעסער דיא שטריק וואס האבען זיך געהאלטען אן דיא אנקערס. וועהרענד דעם האב איך געקריעגען א פּאאר הונדערט פיילען אין מיינע הענד אונד געזיכט. דאַן האב איך נאך אמאל אָנגענומען דיא צוזאמען געבונדענע שטריק, צו וועלבע דיא האָקענס זיינען געווען

בעפעסטיגט, אונד איך האב שוין גאנץ לייכט מיטגעשלעפּט דעם שונא'ס 50 גרעסטע קריעגס־שיפען.

דיא בלעפוסקודיאנער, וועלבע האבען קיין אהנונג געהאט פון מיין אבזיכט, זיינען אנפאנגס געוועזען פערווירט פון איבערראשונג. זייא האבען מיך געזעהען וויא איך האב איבערגעשניטען דיא שטריק פון דיא אנקערס, אונד זייא האבען גערעכענט, אז מיין אבזיכט איז בלויז זייא אבצולאָזען אויף'ן וואסער אדער זייא צוזאמען שטויסען איינע אן אנאנדער. נאָר ווען זייא האבען ערבליקט דיא גאנצע פלאָטע זיך בעוועגענדיג אין א רייהע אונד איך האב זייא מיטגעשלעפּט, האבען זייא ארויס געלאָזען א שרעקליכען געשרייא פון טרויער אונד פערצווייפלונג, וועלכעס איז מיר כמעט אונמעגליך צו בעשרייבען.

ווען איך האב מיך געזעהען ארויס פון געפאהר, בין איך געבליעבען שטעהען אום ארויס צו ציהען דיא פיילען וואס האבען געשטעקט אין מיינע הענד אונד געזיכט. דאן האב איך איינגעריבען דיא וואונדען מיט אזא זאלב וואס מען האט מיר נאך צום ערשטען מאל געגעבען, לויט וויא איך האב שוין בעשריעבען.

דאן האב איך ארונטער גענומען מיינע ברילל'ען אונד אבגעווארט אונגעפעהר א שטונדע, ביז דאס וואסער איז אביסעל צוריק געפאלען. זעהענדיג, אז דיא טיעפעניש קען מיך שוין מעהר ניט שטערען, האב איך אנגעפאנגען צו געהען פאָרווערטס, אונד אויף דיעזער ארט, בין איך מיט דיא שיפען אנגעקומען זיכער אין קייזערליכען האפען פון ליליפוט.

דער קייזער אונד זיין גאנצער הויף זיינען געשטאנען ביים ברעג, ערווארטענדיג דעם רעזולטאט פון מיין גרויסער אונטערנעהמונג. זייא האבען געזעהען פון וויטען דיא שיפען זיך בעוועגענדיג אין דער פאָרמע פון א האלבע לבנה, אָבער זייא האבען מיך ניט געקענט גוט בעמערקען, ווייל איך בין געשטאנען ביז איבער מיין ברוסט אין וואסער.

ווען איך בין אנגעקומען אין דער מיטע פון דעם קאנאל, זיינען זייא נאך געוועזען מעהר בעטריעבט, ווייל איך בין געשטאנען ביז צום האלז אין וואסער.

דער קייזער האט דאן גערעכענט, אז איך בין דערטרונקען געוואָרען, אונד דאס דעם שונא'ס פלאָטע דערנעהנטערט זיך אין א פיינדליכער אבזיכט. אָבער ער האט זיך דאן גלייך בערוהיגט, ווייל זאָ שנעל וויא דער קאנאל איז שוין מעהר ניט געוועזען אזוי טיעף, בין איך יעדען שריט אלץ נעהנטער געקומען, אונד האלטענדיג צוזאמען אלע שטריק וואס האבען נאכגעשלעפּט דיא פלאָטע, האב איך אויסגעשריען:

„לאנג לעבען זאָל דער גנעדיגער קייזער פון ליליפוט!"

דיעזער גרויסער הערשער האט זיך דאן עמפּפאנגען בייא דער לאנדונג מיט יעדער מעגליכער עהרע. ער האט מיך אויף׳ן פּלאטץ געמאכט פאר א נ א ר ד א ק, וועלכעס איז דער העכסטער עהרענטיטעל אונטער זייא.

זיינע מאיעסטעט האט אויסגעדריקט דעם וואונש, דאס בייא א צווייטער געלעגענהייט, וועל איך נאך ברענגען דיא איבריגע שיפען פון דעם שונא אין זיין האפען.

אזוי, זעהט איהר, איז דיא גרויסע לוסט פון א הערשער, דאס ער האט נאָר געוואָלט זעהען דאס גאנצע קייזערטהום פון בלעפוסקו פערניכטעט, אונד עס זאָל דערפון ווערען א פּראָווינץ רעגיערט פון זיינעם א וויצע־קעניג.

ער האט אויך געוואָלט פערניכטען אלע פערטריעבענע ביג־ענדיאַנס אונד צווינגען דיעזעס פאָלק, צו צערברעכען זייערע אייער בייא דער שמאָלער זייט, אונד אויף דיעזער ארט, זאָל ער בלייבען דער איינציגער הערשער פון דער וועלט.

אָבער איך האב אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט איהם ניט צו צולאָזען צו אזא שריט, אונד איך האב געבראכט אונצעהליגע בעווייזע דאפיר פון פּאָליטיק אונד גלאט גערעכטיגקייט.

ווען איך האב געזעהען, אז ער בלייבט הארטנעקיג, האב איך איינפאך פּראָטעסטירט מיט דיעזע ווערטער:

„איך וועל ניעמאלס זיין דאס ווערק־צייג אום צו פערפיהרען א פרייעס אונד בראוועס פאָלק אין שקלאפעריא!"

ווען מען האט שפּעטער דעבאטירט אין פּארלאמענט, זיינען דיא קלינגסטע מיניסטאָרען געוועזען פון מיין מיינונג.

מיינע אָפענע אונד פרייע ערקלערונג, איז געוועזען אזוי נעגען דער פּאָליטיק פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט, דאס ער האט מיר קיינמאל דארויף ניט געקענט מוחל זיין.

ער האט דאס דערמאָהנט אין פּארלאמענט אין א פערוויקעלטער דיפּלאָמאטישע שפּראכע, אונד, לויט וויא מען האט מיר שפּעטער דערצעהלט, זיינען דיא קליגסטע געוועזען פון מיין מיינונג, דאמיט וואס זייא האבען געשוויעגען. אנדערע וויעדער, וועלכע זיינען געוועזען מיינע געהיימע שונאים, האבען זיך ניט געקענט צוריק האלטען מיט אזעלכע ווערטער, וועלכע האבען מיך אינדירעקט געטראָפען.

פון דיעזען מאָמענט אָן, האט אָנגעפאנגען איין אינטריגע געגען מיר וויא דער

קייזער אונד אייניגע מיניסטאָרען האבען זיך ניט געקענט איינפערשטעהען. דער פלאַן איז געווען מיך צו טרעפען.

אין אונגעפעהר צוויא מאָנאט צייט איז דער אויסברוך געקומען, אונד עס האט זיך שיער געענדיגט מיט מיין טויט.

דערפון איז אַרויס צו זעהען, אז דיא גרעסטע טובה וואס מען טהוט א הערשער, האט גאר ניט ווערטה ווען מען ענטזאגט זיך צו ערפילען זייערע קאפריזען.

מיט דרייא וואָכען נאך מיין גרויסער עראבערונג, זיינען אָנגעקומען ערנסטע געזאנדטע פון בלעפוסקו, מיט איין אונטערטהעניגער ביטע וועגען פריעדען, וועלכער איז אויך באלד געשלאָסען געוואָרען, אונטער אַזעלכע בעדינגונגען וואס זיינען געווען זעהר גינסטיג צו אונזער קייזער, איבער וועלכע איך וועל ניט בעלעסטיגען דעם לעזער.

עס זיינען געווען זעקס פריעדענס-געזאנדטע מיט א בעגלייטונג פון אונגעפעהר 500 מענשען. זייער אנקונפט איז געווען פּרעכטיג, פּאַסענד פיר דער גרויסקייט פון זייער הערשער אונד דיא וויכטיגקייט פון זייערע געשעפטען.

ווען דער פריעדענס-טראַקטאַט איז געשלאָסען געוואָרען, וואו איך האב גע־נומען א היבשען אנטהייל מיט מיין איינפלוס אין העלפען דיא געזאנדטע, האבען מיך זייערע עקסעלענצען בעעהרט מיט א בעזוך, נאכדעם מען האט זייא נאך פּריוואַט דערצעהלט וויא אַזוי איך בין געווען זייער פריינד.

זייא האבען אָנגעפאנגען צו ריהמען מיין גבורה אונד גוטהערציגקייט, אונד מיך דאַן איינגעלאַדען אין זייער מדינה אין נאמען פון זייער קייזער. דאַן האבען זייא מיך געבעטען איך זאָל זייא ציינען עפּעס א פּראָבע פון מיין אונגעהייערער קראַפט, פון וועלכער זייא האבען געהערט, אונד איך האב ערפיללט זייער וואונש. אָבער איך וויל ניט בעלעסטיגען דעם לעזער מיט אַזעלכע קלייניגקייטען.

נאכדעם וויא איך האב אונטערהאלטען זייערע עקסעלענצען צו זייער פאָל־שטענדיגע צופריעדענהייט אונד בעוואונדערונג, האב איך זייא געבעטען זייא זאָלען מיר מאַכען דיא עהרע אונד איבערגעבען מיין אונטערטהעניגסטען גרוס צו זייער קייזער אונד הערר, וועלכען'ס עדעלקייט האט אָנגעפיללט דיא וועלט מיט בעוואונדערונג, אונד וועלכען'ס קייזערליכע פּערזאָן איך וועל בעזוכען, איידער איך וועל אָברייזען אין מיין לאַנד.

זאָ שנעל וויא איך האב געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהען אונזער קייזער, האב איך איהם פערלאַנגט דיא ערלויבניס, צו געהען בעזוכען דעם בלעפוסקו־

דיאנישען מאָנארך. דער קייזער איז געוועזן אזוי גנעדיג אונד דאס מיר ערלויבט, אָבער, לויט וויא איך האב מיר געקענט מערקען, האט ער דאס ניט געטהאָן פון דעם גאנצען הארצען.

איך האב ניט געקענט ערפאהרען דיא אורזאכע פון זיין בענעהמונג, ביז א געוויסע פערזאָן האט מיר איינגעראמט אין אויער: „פלימנאפּ אונד באָלגאָלאָן האבען בעהויפּטעט, אז דיין אונטערהאַלט מיט דיא געזאנדטע פון בלעפוסקו, בעדייטעט, אז דוא ביסט מעהר ניט אזוי טרייא דעם קייזער וויא פריהער.“

איך האב אָבער געוואוסט, אז דאס איז ניט אמת.

דאס איז געוועזן דיא ערשטע געלעגענהייט וואס האט מיך געטריעבען דערצו איך זאָל מיך איבערצייגען, אז הויפען אונד מיניסטאָרען זיינען נאך ניט קיין פאָלקאָמענהייטען.

מען מוז דאָ בעמערקען, אז מיט דיזע אמבאסאדאָרען פון בלעפוסקו, האב איך געשפּראָכען דורך א דאָלמעטשער, וויל דיא שפּראכען פון דיזע צווייא קייזערטהימער זיינען געוועזן גראדע אזוי פערשיעדען וויא פון צווייא אייראָפּעאישע לענדער. יעדע נאציאָן איז דאָ אויך געוועזן שטאָלץ אויף איהרע אַלטע קבלות, שעהנהייט אונד קראפט פון איהר שפּראכע, וועהרענד דיא שפּראכע פון דער צווייטער נאציאָן איז פערדאמט געוואָרען. דאסזעלבע האט געטהאָן יעדע נאציאָן בעזונדער.

אונזער קייזער, האבענדיג א פאָרצוג דערמיט וואס ער האט עראָבערט זייער פלאָטע, האט ער זייא געצוואונגען איהם צו איבערגעבען זייערע דאָקומענטען אונד אויך רעדען אין דער ליליפוטאנער שפּראך.

אין דערזעלבער צייט, דארף מען ניט פערגעסען, אז דיא גרויסע הערען פון יעדען לאנד, האבען אימער געשיקט זייערע זיהן אונד טעכטער אין צווייטען לאנד, אום זיך דאָרט צו בילדען אונד פערפיינערן, גראדע וויא בייא אונז אין אייראָפּא. אויסער דעם, האט אויך דער קאָמערציעלער פערקעהר אונד מנהגים בייגעטראגען וואסביידע נאציאָנען זיינען אָפט צוזאמען געקומען. דערפאר האבען דיא גרויסע הערען, מאטראָזען אונד דיזע וואס וואָהנען בייא דיא האפענס, געקענט רעדען ביידע שפּראכען.

שפּעטער מיט עטליכע וואָכען האב איך דאריעבער מעהר ערפאהרען, אלס איך בין אוועק מאכען א בעזוך דעם קייזער פון בלעפוסקו. צו יענער צייט, וואס איך האב איהם אָבגעשטאטעט דעם בעזוך, וועלכעס איז געוועזן מיינע גרויסע אונגליקסצייט, דורך דיא אינטריגען פון מיינע שונאים, האב איך דאָרט געהאט א גליקליכע

רייזע, לויט וויא איך וועל דאס שפעטער אָבשילדערן אויף דעם פּאסענדען פּלאַטץ.

דער לעזער קען זיך עראינערן, דאס ווען איך האב אונטערגעשריעבען יענע ארטיקלען וואס האבען מיר געגעבען דיא פרייהייט, האבען זיך געפונען געוויסע פונקטען דארונטער וואס זיינען מיר ניט געפעלען געוואָרען, ווייל זייא האבען מיך געמאכט פאר צופיעל שקלאַף. איך בין אויך זיכער, אז נאָר א גרויסע נויט וואָלט מיך געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען צו אַזעלכע בעדינגונגען.

אָבער זייענדיג א נ א ר ד א ק, וועלכעס איז דער העכסטער ראנג איז קייזער־טהום, האט מען שוין בעטראכט אַזעלכע שליחות אלס אונפּאסענד פיר מיין עהרע. אום צו זיין גערעכט, מוז איך מודה זיין, אז דער קייזער האט מיך קיינמאַל דאַ־ריעבער ניט דערמאָהנט.

אונטערדעסען האט עס ניט לאַנג געדויערט, אונד איך האב געהאט דיא גע־לעגענהייט צו טהון פיר זיינער מאיעסטעט זעהר א ווערטהפאָלען דיענסט.

עס איז געוועזען אין א מיטען נאכט, ווען אייניגע הונדערט מענשען האבען גע־מאכט א גרויסען לארם פאר מיין טהיר, אונד זייענדיג פּלוצלינג ערוואכט, האב איך מיך אביסעל דערשראָקען.

איך האב געהערט דאס וואָרט ב ו ר ג ל ו ד איינצעהליגע מאל ווידערהאָלט. אייניגע פון דעם קייזער'ס הויף האבען זיך דורכגעשטופּט דורך דער גרויסער מענגע מענשען, אונד זייא האבען מיך געבעטען, איך זאָל איילען שנעל צום פּאלאסט, וואו דיא צימערן פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט שטעהען אין פלאַמען. דאס פייער איז פעראורזאכט געוואָרען דורך דער אונפאָרזיכטיגקייט פון איין עהרען־דאמע, וועלכע איז איינגעשלאָפען לעזענדיג א ראָמאַן.

איך בין זאָפאָרט אויפגעשטאנען, אונד נאכדעם וויא עס זיינען געגעבען גע־וואָרען בעפעהלע מען זאָל פרייא מאכען דעם וועג פאר מיר, בין איך ארויס אויף דער גאַס. דיא לבנה האט גאנץ שעהן געשיינט אונד איך בין געלאָפען צום פּאַ־לאַסט אָהנע איך זאָל יעמאנדען צערטרעטען.

אָנקומענדיג אהין, האב איך ענטדעקט וויא מען האט שוין צוגעשטעלט לייטערס צו דיא ווענט פון פּאלאסט, אונד יעדער איז געוועזען בערייט מיט עמערס, נאָר דאס וואסער איז נאָך געשטאנען זעהר ווייט.

יעדער עמער איז געוועזען אונגעפעהר אזוי גרויס וויא א פינגערהוט, אונד ווען דאס וואסער איז צוגעבראכט געוואָרען, האבען מיך דיא ארמע מענשעלעך בעוואָרפען מיט זייערע עמערס וואסער, אזוי שנעל וויא זייא האבען געקענט.

דיא פלאמען זיינען אָבער געווען אזוי וויטהענדע, אז דאס האט כמעט גאר ניט געהאָלפען.

איך וואָלט דאס פייער גאנץ לייכט געקענט אויסלעשען מיט מיין ראָק, אָבער אין מיין איילעניש, האב איך צוריק געלאָזען דעם ראָק אונד איך בין ער־שיענען אין הוילען העמד.

דער צושטאנד האט מיר אויסגעזעהען פערצווייפעלט אונד האָפנונגסלאָז. דער פראַקטפאָלער פאלאסט וואָלט אָהנע צווייפעל אָבגעברענט ביז צום גרונד, ווען א גליקליכע אידעע פון זעלבסט־בעהעררשינג אין א צייט פון געפאהר (וואס בייא מיר אונגעוועהנליך,) וואָלט מיר גראדע דאמאלס ניט איינגעפאלען.

דעם אבענד פריהער האב איך געטרונקען א היבשע ביסעל פון דעם גוטען וויין וואס רופט זיך גלימיגרים, (דיא בלעפוסקודיאנער רופען עס פלונעק,) נאָר אונזערער איז בעטראַכטעט געוואָרען אלס פיעל בעסער.

דורך דעם גליקליכסטען צופיעל אין דער וועלט, האב איך מיך נאך גאר ניט געהאט אויסגעלעדיגט פון דיעזען וויין. דיא היטץ וואס איך האב צוגעצויגען קומענדיג אזוי נאהענט צו דיא פלאמען, אונד דיא ארביים צו לעשען דיא פלאמען, האט פעראורזאכט אין מיר וואס דער וויין איז פערוואנדעלט געוואָרען אין השתנה, אונד איך האב דאס אויסגעלעדיגט אין אזעלכע גרויסע מאסען, וויא אויך גוט פערווענדעט אין דיא ריכטיגע פלעטצער, דאס אין דרייא מינוטען צייט איז דאס פייער אין גאנצען געווען אויסגעלאָשען. אונד אויף אזא ארט, האב איך גערעטעט דעם איבריגען טהייל פון דיעזען נאָבעלען פאלאסט, וועלכער האט געקאָסט דיא ארבייט פון הונדערטער יאָהרען איהם צו עררייכטען.

עס איז שוין טאָג געוואָרען אונד איך האב צוריק געקעהרט אין מיין וואָהנונג, אָהנע צו ווארטען אויף דעם קייזער'ס דאנק. עס איז אמת, איך האב ווירקליך געלייסטעט א ווערטהפאָלען דיענסט פאר'ן קייזער, אָבער איך האב דאך ניט געוואוסט וויא אזוי זיין מאיעסטעט וועט בעטראַכטען דיעזע ארבייט נאכדעם איך האב זיא אויף איין אונגעוועהנליכער ארט דורכגעפיהרט.

לויט דיא געזעטצע פון לאנד, איז צו בעשטראפען מיט'ן טויט, אירגענד א מענשען, פון סאַי־וועלכען ראנג ער איז, ווען ער האט געוואגט משתין צו זיין אין דער אומגעבונג פון דעם פאלאסט.

איך האב דאס אלעס גאנץ גוט געוואוסט, אונד איך האב מיך אויך באלד געטרייסט מיט א שליחות פון דעם קייזער, וועלכער האט מיר געשיקט אָנזאגען,

אז ער „האט ארויס געגעבען א בעפעהל צום העכסטען געריכטס־הויז מען זאָל מיך באלד בעגנאַדיגען אין געהעריגער פאָרמע.“

עס האט זיך אָבער שפּעטער ארויס געוויעזען, אז אזא בעגנאַדיגונג קען מיר ניט געגעבען ווערען, אונד איך האב אויך ערפאהרען, אז דיא קייזערין שפּירט דעם גרעסטען עקעל אונד פעראַכטונג צו דעם וואס איך האב געטהאָן. זיא האט זיך אויך ארויס געצויגען אין איין אנדערן טהייל פון פּאלאסט, מיט דעם בעשלוס ניט צוריק צו קעהרען אין איהרע צימערן, ביז אַלעס וועט ניט איבערגעבויעט ווערען. נאָך מעהר, איך האב ערפאהרען, אז אין דער געגענוואַרט פון איהרע פערטרויעטע, האט זיא געשוואוירען זיך נוקם צו זיין אן מיר.

## קאַפּיטעל 6.

### איבער דיא איינוואָהנער פון ליליפּוט; זייער בילדונג, געזעטצע אונד מנהגים; וויא אַזוי זייא בילדען זייערע קינדער. — וויא דער פערפאַסער האט געלעבט אין דיעזען לאַנד. — זיין פערטהיידיגונג פיר א גרויסאַרטיגע דאַמע.

קריעגערייען אונד אינטריגען זיינען אזוי אָפּט אין א הערשענדען הויף, דאס עס איז איבריג, איך זאָל נאכדערצעהלען איבער אַלע רכילות וואס מיינע שונאים האבען געגען מיר אנגעטראגען צו דער קייזערין אום זיא נאָך מעהר אויפצורעגען איבער מיר. איך וועל מיך דערפאר אָבווענדען צו א גאַנץ אנדערן געגענשטאַנד.

אָבוואָהל איך בעאַבזיכטיג איבערצולאָזען דיא איינצעלנע בעשרייבונג פון דיעזען קייזערטהום פיר א בעזונדערעס ווערק, וועל איך דעננאָך, אין דערזעלבער צייט, זוכען צופריעדען צו שטעלען דעם לעזער דאַמיט וואס איך וועל איהם געבען איין אַלגעמיינעם בעגריף איבער ליליפּוט.

אַזוי וויא דיא געוועהנליכע הויכקייט פון א מענשען איז עטוואס וועניגער וויא 6 צאָלל, אַזוי זיינען אויך אַלע חיות, פּלאַנצונגען אונד בוימער, פון איין עהנליכער גרויסקייט לויט דיא מענשען.

צום ביישפּיעל: דיא העכסטע פערד אונד אָקסען, זיינען צווישען 4 אונד 5 צאָלל הויך; דיא שאָף אונגעפעהר א צאָלל אונד א האַלב. דיא גענז זיינען אַזוי

גרויס וויא אונזערע קליינע שוועלבעלעך, אונד אזוי זיינען אויך אלע אנערע חיות, ביז מען קומט צום קלענסטען וואס מ י ר קענען עס קוים דערזעהען מיט אונזערע אויגען.

אָבער דיא נאַטור האט שוין געזאָרגט, אז דיא ליליפּוטאַנער זאָלען האבען אזא גוטע ראייה, דאמיט זייא זאָלען קענען אלעס ריכטיג אונד גענוי זעהען לויט זייער אייגענע קליינקייט אָדער גרויסקייט; זייא זעהען אַלעס זעהר פּינקטליך, אָבער ניט זעהר ווייט.

אום מיך צו איבּרצייגען איבער זייער געוואַלטיגע ראייה, האב איך בייגע־וואָהנט א סצענע, וויא א קעבער האט אָבגעפּליקט א פייגעלע, וועלכעס איז, אין מיינע אויגען, קלענער געווען וויא אונזערע א פליעג; אונד א יונגעס מעדכען האט געגעהט מיט א נאָדעל אונד זיידענע פאָדעם, וועלכע מיינע אויגען האבען גאר ניט געקענט ערבליקען.

זייער העכסטער בוים איז 7 פוס הויך; איך מיין איינציגע אזעלכע בוימער, וועלכע וואקסען אין א גרויסען קייזערליכען גארטען, פון וועלכע איך האב געקענט בעריהרען דעם שפּיטץ ווען איך האב אויסגעשטרעקט מיין האנד. דיא אנדערע פלאַנצונגען זיינען אונגעפעהר פאסענד לויט דער גרויסקייט פון דיא ברואים, אונד איך לאָז דאס איבער פאַר'ן לעזער אליין צו אורטהיילען.

איך וועל יעטצט זאגען זעהר ווניג איבער זייער בילדונג, וועלכע האט זייט מעהרערע יאהרהונדערט דאָרט געבליהט אין אלע צווייגען פון וויסענשאפט. נאָר זייער ארט שרייבען, איז ווירקליך מערקווירדיג; עס איז ניט פון לינקס צו רעכטס וויא בייא דיא אייראָפּעער; ניט פון רעכטס צו לינקס וויא בייא דיא אראבער; נ ט פון אויבען ארונטער וויא בייא דיא כינעזער, זאָנדערן גאר קאפויר, פון איין עק פאַפּיר צום אַנדערן, אונגעפעהר וויא דיא דאַמען שרייבען אין ענגלאַנד.

זייא בעגראָבען זייערע טויטע מיט דיא קעפּ ארונטער, ווייל זייא גלויבען, אז אין עלף טויזענד מאָנאט וועלען זייא אלע ווידער אמאל לעבעדיג ווערען; וועהרענד דיעזער צייט, וועט דיא ערד (וואס זייא גלויבען, אז זיא איז פלאך) זיך איבערקעהרען מיט'ן אויבען ארונטער, אונד אויף אזא ארט, וועלען זייא ביים תחית המתים בלייבען שטעהען גלייך אויף דיא פיס.

זייערע געבילדעטע זיינען אפילו מודה, אז דיא לעהרע איז א גרויסע דומ־הייט, אָבער דיא דומע ווילען פון גאר ניט וויסען אונד טהון וויא זייא פער־שטעהען.

עס זיינען דאָ מאַנכע געזעצע אונד מנהגים אין דיעזען לאַנד, וועלכע זיינע זעהר מערקווירדיג; אונד ווען זייא וואָלטען ניט געווען גראַדע דער געגענטהייל פון מיין אייגענעם טהייערעם לאַנד, וואָלט איך זייא אַביסעל פערטהיידיגט. אַלעס וואס מען קען זיך נאָר ווינשען, איז, דאס זייא זאָלען אויך אַזוי גוט דורכגעפיהרט ווערען.

דאס ערשטע וואס איך וויל דערמאָהנען, איז איבער מוסרים. יעדעס פער־ברעכען געגען דעם שטאַאט, ווערט דאָ זעהר האַרט בעשטראַפט; אַבער, ווען דער בעשולדיגטער קען בעווייזען זיין אונשולד קלאַר אונד דייטליך בייא זיין פּראָצעס, דאַן ווערט זיין בעשולדיגער זאָפאָרט בעשטראַפט מיט א שענדליכען טויט. פון דער ירושה וואס בלייבט צוריק פון דעם מסור, ווערט דער אונשולדיגער פיער מאל אויף אַזוי פיעל בעלוינט פאַר זיין צייט־פערלוסט, פאַר דער געפאַהר אונטער וועלכער ער איז געוועזן, פאַר דיא ליידען אין געפענגניס, אונד פאַר אַלע הוצאות וואס ער האט געמאַכט אום זיך צו פערטהיידיגען. ווען דער מסור לאָזט ניט צוריק אַזוי פיעל געלד, דאַן ווערט דאס איבריגע בעצאָהלט פון דער קרוין. דער קייזער גיבט איהם אויך דאַן אָב איין עהרע פאַר׳ן פאָלק, אונד א פּראָקלאַמאַציאָן פון זיין אונשולד, ווערט ארוים געגעבען איבער דער גאַנצער שטאָדט.

שווינדעל בעטראַכטען זייא אַלס א גרעסערעס פערברעכען וויא גנבה, אונד עס איז זעלטען ווען זייא בעשטראַפען ניט א שווינדלער מיט טויט. זייא בעהויפּטען אַז אַכטונג געבען אונד פאָרזיכטיגקייט, פון א גאַנץ געוועהנליכען פערשטאַנד, קען פערהיטען א מענשען׳ס אייגענטהום פון גנבה, אַבער עהרליכקייט האט קיין צאַם געגען העכערער ביטרע־לומפּערייא; אונד נאַכדעם מען מוז אימער פערקעהרען אין קויפען אונד פערקויפען אונד האַנדלען אויף קרעדיט וואו שווינדעל געהט אימער אָן, אָדער עס עקזיסטירט קיין געזעטץ דאס צו בעשטראַפען, מוז דער עהרליכער קויפמאַן בעשטענדיג ליידען, וועהרענד דער לומפּ האט דעם פאָרצוג.

איך געדענק ווען איך האב אַמאָל געבעטען דעם קייזער פאַר א פערברעכער וואס האט בעשווינדעלט זיין בעל־הבית אויף א גרויסער סומע געלד. דיעזעס געלד האט דער בעל־הבית געגעבען זיין אַנגעשטעלטען אום דאס אַוועק צו טראַגען, אונד דער לעטצטער איז דערמיט ענטלאָפען. איך האב געזאַגט דעם קייזער, אַז דאס איז בלויז א פערברעכען געגען טרויען, וועלכעס איז בייא אונז ניט געפעהרליך. דער קייזער איז שטאַרק בעז געוואָרען דאַריבער אונד ערקלערט, אַז דאס איז טאַקי דאס גרעסטע פערברעכען, זאָלאַנג איינער נאַרט זיך אַריין צו יענעם מיט גוטע ריידעלעך דאַמיט ער זאָל איהם קענען שפּעטער בעשווינדלען. איך האב שוין גאַר

ניט געהאט וואס אנצו־ווענדען דאגעגען, אונד איך האב בלויז געענטפערט, אז פערשיעדענע נאציאנען האבען פערשיעדענע געזעטצע. איך מוז מודה זיין, אז איך האב מיך געשעהמט פאר זיך אליין.

אבוואהל מיר רופען בעלאהנונג אונד שטראפע דיא צווייא רעדער אויף וועלכע אלע רעגיערונגען דרעהען זיך, האב איך נאך ניט געזעהען דיזע בעהויפטונג אין דער פראקטיק בייא קיין איינציגער נאציאן, אויסער בייא דיא ליליפוטאנער.

ווער עס קען דארט ברענגען בעווייזע, אז ער האט פינקטליך בעפאלגט דיא געזעטצע פון לאנד 73 מאנאט דורכאנאנד, האט א רעכט צו פאדערן געוויסע פריווילעגיען, לויט אויף וואס פאר א שטופע ער שטעהט אין געזעלשאפט, אונד ער קריעגט א געוויסע סומע געלד פון א קאסע וואס איז ספעציעל צו דיעזען צוועק; ער קריעגט אויך דעם טיטעל ס נ י ל פ א ל ל, אדער געזעטצליכער, וואס ווערט צוגעלעגט צו זיין אייגענעם נאמען. אבער, דיעזער טיטעל געהט ניט איבער בירושה צו קינדער.

אלס איך האב זייא דערצעהלט, אז אונזערע געזעטצע ווערען נאר דורכגע־פיהרט מיט שטראפען, האבען זייא ערקלערט, אז מיר מאכען זעהר א גרויסען פעהלער מיט אזא טאקטיק.

דאס איז אויך דיא אורזאכע, וואס אין זייערע געריכטס־הייזער, ווערט פאר־געשטעלט דאס בילד דער גערעכטיגקייט מיט 6 אויגען; צווייא אין פראנט, אונד 2 הינטען, אונד צו איינציגע בייא יעדען זייט, אום עס זאל בעצייכנען גוטע בעד־אבאכטונג; א ביימעל געלד האלט דיא גערעכטיגקייט אפען אין דער רעכטער האנד, אונד א בלאנקעס שווערט אין דער לינקער, צו בעווייזען, אז זיא איז בערייט צו בעלוינען אונד בעשטראפען.

וועהלענדיג מענשען פיר אלע ארטען עמטער, ווערט פיעל מעהר געאכטעט אויף דער גוטער מאראל וויא אויף הויכע פעהיגקייטען. דיא אורזאכע דערפון איז, דאס נאכדעם רעגיערונג איז נויטהווענדיג פיר דער מענשהייט, גלויבען זייא, אז יעדער איינציגער מענשליכער פערשטאנד איז צו עפעס פעהיג, אונד דאס דיא השגחה האט קיינמאל ניט בעאזיכטיגט צו מאכען דיא רעגיערונג פון פאלק זאל זיין א געהיימניס אונד נאר איינציגע הויכע זשעניען זאלען דאס פערשטעהען, פון וועלכע עס ווערען נאר זעלטען דרייא געבוירען אין א דור.

זייא רעכענען אויך, אז וואהרהייט, גערעכטיגקייט אונד ניכטערנהייט אונד נאך אזעלכע מעלות, זיינען בייא יעדען מענשען אין דיא הענד; ווען מען פראקטי־צירט דיזע אלע גוטע זאכען, אונד מען ווערט נאך אונטערשטיטצט פון ערפאהרונג

אונד גוטע אבזיכטען, קען אירגענד אזא מענש ברענגען נוטצען זיין לאנד, אויסער ווען מען דארף דערצו א ספעציעלע בילדונג.

אָבער זייא האבען געדענקט, אז אום צו בעזיטצען מאָראלישע מעלות, האט עס גאר ניט צו טהון מיט הויכע גייסטיגע פעהיגקייטען, אונד דערפאר האבען זייא אויך ניט געוואָלט אנפערטרויען זייערע עמטער בלויז צו פעהיגע מענשען אונד זייא האבען געזוכט בעסער עהרליכע מענשען.

זייא בעהויפטען, אז א פעהלער וואס ווערט געמאכט דורך אונוויסענהייט, נאָר מיט איין עהרליכער אבזיכט, קען קיינמאל ניט האבען אזא געפעהרליכען רע־זולטאט פיר דעם אלגעמיינעם וואָהלזיין, אלס דיא טהאט פון א פערדאָרבענעם מענשען וועלכער האט גרויסע פעהיגקייט.

זייא גלויבען אויך ניט, אז דיא השגחה עליונה (גאָט) פערזאָרגט וואס א מענש זאָל דערפאר ניט האבען קיין פעהיגקייטען ווייל ער איז ניט געבוירען געוואָרען פון געוויסע נעאדעלטע עלטערן; ווייל זאָלאנג קעניגע בעהויפטען אז זייא זיינען גאָט׳ס פערטרעטער, דענקען ניט דיא ליליפוטאנער, אז א הערשער קען אַנשטעלען אזעלכע מענשען וואס זיינען געגען אלעס אנשטענדיגע אונד גוטע.

שילדערענדיג דיעזע אונד נאָך ווייטערע געזעטצע, וויל איך מען זאָל מיך פערשטעהען, אז איך מיין נאָר דאָ דיא פונדאמענטאלע פרינציפען פון דער רע־גיערונג, אונד ניט דיא סקאנדאלעזע קאָרופציאָן אין וועלכער דיעזעס פאָלק איז פערזונקען דורך דער פערדאָרבענהייט פון דער מענשליכער נאטור.

וואס עס אנבעלאנגט דיא אונפערשעהמטע מנהגים אום צו ערלייכען הויכע עמטער, ווען מען שפרינגט איבער דיא שטריק, אָדער אום צו ערלייכען אויסצייכ־נונגען שפרינגענדיג איבער שטעקענס אונד קריכענדיג אונטער זייא, מוז דער לעזער וויסען, אז דיעזע אלע זאכען זיינען ערשט איינגעפיהרט געוואָרען דורך דעם יעטצטיגען רעגיערענדען קייזער׳ס גרויס־פאטער, אונד זייא האבען ערלייכט דיא יעטצטיגע שטופע דורך דער ענטוויקלונג פון דיא פארטייען.

אונדאנקבארקייט איז אונטער זייא א הויפט־פערברעכען, גראדע וויא מיר וויסען, אז עס איז אויך אין אנדערע לענדער. זייא בעהויפטען אזוי: ווער עס בע־לוינט מיט רעות דעם וואס טהוט איהם א טובה, איז געוויס איין אלגעמיינער שונא צו דער איבריגער מענשהייט. ווייל, זאָלאנג ער קען בעלוינען מיט שלעכטען דעם וואס האט איהם גוטעס געטהאָן, וויא וועט ער נאָך האנדלען געגען דיעזע וואס האבען איהם קיין גוטס געטהאָן? אזא מענש, בעהויפטען זייא, האט ניט ווערטה צו לעבען אויף דער וועלט.

זייערע אנזיכטען איבער דיא פליכטען פון עלטערן אונד קינדער, זיינען שטארק פערשיעדען פון דיא אונזעריגע. הערט זייער ארגומענט:

נאכדעם דיא פערבינדונג צווישען זכר אונד נקבה איז געגרינדעט אויף א גרויסעס נאטור־געזעטץ, דאמיט עס זאָל געזיכערט ווערען דיא פאָרטפלאנצונג (קיום המין,) זאגען דיא ליליפוטאנער, אז מאן אונד פרוי זיינען פעראייניגט גראדע וויא אלע אנדערע חיות, בלויז דערפאר וויל דיא תאוה פיהרט דערצו. זייער צערטליכ־קייט אונד ליעבע צו דיא קינדער, קומט דאן אויך פון דערזעלבער קוועלע, אונד דערפאר קענען זייא בייא זיך ניט פועל'ן צו בעהויפטען, אז א קינד האט אירגענד וועלכע פערפליכטונג צום פאטער וואס האט איהם פעראורזאכט דאס לעבען אָדער צו דער מוטער וואס האט איהם געבראכט אויף דער וועלט. זייא זאגען ווייטער, אז דאס קינד קען דערפאר ניט האבען קיין געוויסע פליכטען צו דיא עלטערן, ווייל ערשטענס איז דאס מענשליכע לעבען אליין ניט אזא גליק, אונד דאן האבען דיא עלטערן, אין זייער ליעבעס־צוזאמענקונפט, גאר ניט גערענקט איהם גראדע צו שאפען.

דערפאר אונד נאך פאר אנדערע אורזאכען, בעהויפטען דיא ליליפוטאנער, זיינען עלטערן דיא לעטצטע אין דער וועלט אויף וועמען מען קען זיך פערלאָזען מיט דער ערציהונג פון זייערע אייגענע קינדער. מען האט אלזאָ איינגעריכטעט אין יעדער שטאָדט שטעדטישע ערציהונגס־אנשטאלטען, וואוהין אלע עלטערן, אויסער ארבייטער, זיינען געצוואונגען אוועק צו שיקען זייערע קינדער, אינגלעך אונד מיידלעך, ערצויגען צו ווערען אונד געבילדעט, ביז זייא ווערען אלט צו 22 מאָנאט, ווען מען רעכענט, אז זייא האבען שוין גענאָסען א גוטען אנפאנגס־פערשטאנד.

דיא שולען זיינען פון פערשיעדענע מינים, אום צו פאסען פיר פערשיעדענע קינדער פוןביידע געשלעכטער.

עס זיינען פערהאנדען אלערלייא פראָפעסאָרען, וועלכע זיינען גוט אויסגע־איבט אין פאָרבערייטען קינדער צו אזא צושטאנד אין לעבען, וואס פאסט פיר דעם ראנג פון זייערע עלטערן, אָבער אויך פיר זייערע פעהיגקייטען אונד נייגונגען.

איך וועל פריהער עפּעס זאגען איבער דיא קינדער־אנשטאלטען פיר אינגלעך אונד דאן איבער דיעזע פון מיידלעך.

דיא אנשטאלטען פיר אינגלעך פון געאדעלטע אונד הויך־געשטעלטע עלטערן, בעזיטצען ערנסטע אונד געשטודירטע פראָפעסאָרען; דאסזעלבע איז אויך מיט

זייערע געהילפען. דיא קליידער אונד נאהרונג פיר דיעזע קינדער, איז זעהר פראָסט אונד איינפאך.

זייא ווערען ערצויגען אין דיא פרינציפען פון עהרע, גערעכטיגקייט, מוטה, אנשטאנד, מיטלייד, רעליגיאָן אונד ליעבע צו זייער לאנד. זייא זיינען אימער מיט עפּעס בעשעפטיגט, אויסער ווען זייא עסען אונד שלאָפען, וועלכעס איז ניט פיעל. צווייא שטונדען ווערען אָבגעגעבען פיר קערפּערליכע איבונגען.

זייא ווערען אָנגעקליידעט פון מענער ביז זייא זיינען אַלט 4 יאָהר, אונד דאַן מוזען זייא זיך אליין אָנקליידען, ווען זייא זאָלען נאך אפילו שטאמען פון וויא רייכע עלטערן. דיא דאַמען־דיענערינס, וועלכע זיינען אַלט וויא אונגעפעהר אונזערע 50־יעהריגע פרויען, בעשעפטיגען זיך נאָר מיט געוועהנליכע ארבייט ארום זייא.

עס איז דיא קינדער קיינמאל ניט ערלויבט צו רעדען מיט דיא דיענער, זאָנדערן, זייא געהען צוזאמען אין קלענערע אָדער גרעסערע גרופען אום צו מאַכען דיא קערפּערליכע איבונגען אונד שטודירען, אונד זייא געפינען זיך אימער אין דער געגענוואַרט פון זייערען א פּראָפעסאָר, אָדער איינער פון זיינע געהילפען. אויף אזא ארט פערהינדערט מען זייא נאך פון זייער יוגענד זיך איינצוגעוואָהנען צו דומ־הייטען אונד אויסגעלאסענהייטען, וויא דער פאל איז מיט אונזערע קינדער.

דיא עלטערן איז ערלויבט צו זעהען זייערע קינדער איינמאל אָדער צווייא מאל א יאָהר. דער בעזוך דארף דויערן בלויז א שטונדע. זייא קענען נאָר קושען זייערע קינדער ביים בעגעגענען זיך אונד ביים אבשיעד. אָבער א פּראָפעסאָר, וועלכער שטעהט אימער דערבייא, וועט ניט ערלויבען דיא עלטערן איינצוראַמען דיא קינדער סודות אָדער זיך בעדיענען מיט צו צערטליכע אויסדריקע, אָדער מיטברענגען פּרע־זענטען, שפּיעלערייען, צוקער־געבעקס אונד עהנליכע זאַכען.

יעדע פאַמיליע מוז צאָהלען א געוויסע סומע געלד פאר דער ערציהונג פון דיא קינדער, אונד דאס ווערט שוין איינגעמאָהנט דורך דעם קייזער׳ס בעאמטע.

דיא אַנשטאַלטען פיר קינדער פון געוועהנליכע וואָהלהאבענדע בירגער, קויפ־לייטע, פאבריקאַנטען אונד בעלי־מלאכות, זיינען געפיהרט, פערהעלטניסמעסיג, אויף דערזעלבער ארט. נאָר דיא קינדער וואס זיינען בעשטימט פיר מלאכות, ווערען אָנ־געשטעלט אין זייערע פּראָפעסיאָנען צום 11־טען יאָהר. קינדער פון עטוואס וואָהל־האבענדע עלטערן, נעהמען זיך ערשט צו דער פּראָפעסיאָן צום 15־טען יאָהר, וועלכעס איז אונגעפעהר וויא בייא אונז דאס 21־טע יאָהר. אין דער צייט וואס זייא לערנען אונד שטודירען, זיינען זייא, וויא מיר האבען פריהער געזאגט

אָבגעשפּאַרט, נאַר אין דיא לעֶטצטע 3 יאָהר ווערען זייא אַלץ פרייער אונד פרייער.

אין דיא אַנשטאַלטען פיר מיידלעך, ווערען דיא קינדער פון העבערן גראַד במעט אויך אַזוי ערצויגען וויא דיא אִינגלעך, מיט דער אויסנאַהמע וואס זייא ווערען אַננעקליידעט פון פרויען; אָבער דאס געשעהט אויך אימער אין דער געגענוואַרט פון א פּראָפּעסאָר אָדער זיין געהילפע, ביז זייא קענען זיך אַליין אָנקליידען, וועלבעס איז צום 5־טען יאָהר.

ווען מען ערפאַהרט, אַז דיא פרויען־דיענערשאַפט ערלויבט זיך אמאל צו אונ־טערהאַלטען דיא קינדער מיט שרעקליכע אָדער נאַרישע געשיכטען, אָדער מיט דיא דומהייטען, וועלכע זיינען אַזוי גוט בעקאַנט אונטער אונזערע קאַמערפרויען, ווערען זייא עפענטליך געשמיסען דרייא מאל איבער דער שטאָדט, אַרעטירט אויף א יאָהר צייט, אונד דאַן פערטריעבען אויף'ן גאַנצען לעבען אין דער וויסטעסטער געגענד פון לאַנד.

דאס איז דיא אורזאַכע, וואס דיא יונגע דאַמען אין ליליפּוט לאַנד שעהמען זיך, גראַדע וויא דיא יונגע לייט, צו זיין פּייגלינגע אונד דומקעפּ; זייא פער־אַכטען אויך אַלע פערזענליכע ציערונגען, מיט דער אויסנאַהמע פון אַנשטענדיגער קליידונג אונד ריינליכקייט.

איך האָב אויך ניט בעמערקט קיין אונטערשיעד אין זייער בילדונג דערפאַר וואָס זייא זיינען פרויענצימער, מיט דער אויסנאַהמע וואס דיא קערפּערליכע איבונגען אונטער דיא מיידלעך, זיינען ניט אַזוי שטאַרק וויא אונטער דיא אינגלעך. אין דערזעלבער צייט ווערען זייא אויך אונטערריכטעט וויא זיך אויפצופיהרען אין היימישען לעבען, אונד אַנשטאַט דעם ווערט דער פּראָגראַם פון דער אַלגעמיינער בילדונג אַביסעל פערקירצט.

דיא ליליפּוטאַנער בעהויפּטען, אַז אונטער מענשען פון הויכען ראַנג, זאָל דיא פרוי אויך זיין א פערנינפטיגער אונד אַנגענעהמער קאַמעראַד, ווייל זיא קען ניט אימער בלייבען יונג.

ווען דיא מיידלעך ווערען אַלט 12 יאָהר, וואס איז אונטער זייא דיא צייט צום הייראַטהען, קומען זייערע עלטערן אָדער פערוואַלטער אונד נעהמען זייא אַהיים. איידער זיא פערלאָזט דיא אַנשטאַלט, דריקט זיא אויס איהר טיעפסטע דאַנק־באַרקייט צו דיא פּראָפּעסאָרען, אונד עס איז זעלטען וואס דיא יונגע דאַמע פער־לאָזט איהרע חבר'טעס אָהן טרעהרען.

אין דיא אנשטאלטען פיר מיידלעך פון דעם ניעדריגערן גראד, ווערען דיא קינדער אונטעררריכטעט אין אלערלייא ארבייטען וואס איז פאסענד פיר זייער געשלעכט, וויא אויך פיר זייער שטופע אין לעבען. דיעזע וואס דארפען געהען אין דיענסט, ווערען ענטלאסען צום 7־טען יאהר, וועהרענד דיא איבריגע ווערען געהאלטען ביז צום 11־טען יאהר.

דיא מיטעלמעסיגע פאמיליען, וועלכע האבען זייערע קינדער אין דיעזע אנשטאלטען, צאהלען, וויא געוועהנליך, א גאנץ קליינע יעהרליכע סומע פיר דער ערציהונג; אבער זייא זיינען פערפליכטעט צו א גאנץ אנדערע זאך. זייא מוזען יעדען מאנאט ארונטער געבען א טהייל פון זייער פערדיענסט צום פערוואלטער פון דער אנשטאלט, אונד דיעזער זאמעלט צונויף דיעזע סומע אום צו דיענען שפעטער אלס נדן. דאס איז אויך דיא אורזאכע, ווארום דאס געזעטץ שרייבט פאר יעדער פאמיליע וויפיעל עס איז איהר ערלויבט צו ספענדען.

דיא ליליפוטאנער דענקען, אז עס קען ניט זיין קיין קרומערע זאך, וויא צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט אונד זייא דאן איבערלאזען קהל זאל פאר זייא זארגען, וועהרענד זייערע פערדיענסטען זיינען אוועק אום צופריעדען צו שטעלען זייער גרויסען אפעטיט.

גאנץ רייכע עלטערן געבען א פערזיכערונג, אז זייא וועלען בעזארגען יעדעס קינד מיט א פאסענדער סומע געלד, לויט זייער פערמעגען.

דאס געלד דעפאנירט צו אזא צוועק, ווערט אימער פערוואלטעט זעהר עקאנאמיש אונד גערעכט.

דיא ארבייטער האלטען זייערע קינדער צו הויז, ווייל זייער בעשעפטיגונג איז נאר אום צו בעארבייטען דיא ערד, אונד זייער ערציהונג האט אלזא גאר ניט וואס צו טהון מיט דעם אלגעמיינעם פאלק. דיא אלטע אונד קראנקע פון דיא ארבייטער, ווערען אויסגעהאלטען אין ספעציעלע אנשטאלטען; ווייל בעטלען איז איין אונבעקאנטע פראפעסיאן אין דיעזען קייזערטהום.

איך רעכען, אז דער נייגיעריגער לעזער וועט זיך געוויס דא אינטערעסירען צו וויסען עפעס איבער מיר זעלבסט, דאס הייסט, איבער מיין ארט לעבען אין ליליפוטלאנד וועהרענד א צייט פון 9 מאנאט מיט 13 טעג.

איך האב אימער געהאט א נייגונג צו ארבייטען אונד עפעס אויפטהאן, אונד דערצו, זייענדיג געצוואונגען פון נויטהווענדיגקייט, האב איך פאר מיר געמאכט א טיש אונד א ביינקעל, וועלכע איך האב פערפערטיגט פון דיא גרעסטע בוימער פון קייזערליכען גארטען.

---

צווייא הונדערט נייטאָרינס זיינען געוועזען בעשעפטיגט פאַר מיר צו מאַכען העמדער אונד דעקען פיר מיין בעט אונד טיש. דאס אַלעס איז געמאַכט געוואָרען פון דער שטאַרקסטער אונד גראָבסטע לייגוואַנד וואס מען האט נאָר געקענט געפינען. אָבער דאס האט אויך ניט געהאָלפען, דען זייא זיינען געצוואונגען געוועזען דאס צוזאמענלעגען עטליכע מאל, ווייל זייער דיקסטע לייגוואַנד איז פאַר מיר געוועזען זעהר דין.

זייער לייגוואַנד איז וויא געוועהנליך 3 צאָלל ברייט אונד א לענג פון 3 פוס איז א גאַנץ שטיקעל לייגוואַנד.

דיא נייטאָרינס האבען מיר גענומען דיא מאָס, בשעת איך בין געלעגען אויף דער ערד; איינע איז געשטאַנען אויף מיין האלז אונד א צווייטע אויף מיין פוס. זייא האבען געהאַלטען זייערן א שטריק אויסגעצויגען, וועהרענד א דריטע האט דאן געמאָסטען מיט א ליניע וויא לאַנג דער שטריק איז. דאן האבען זייא אויך אָבגעמאָסטען דעם גראָבען פינגער פון מיין רעכטער האַנד אונד זיינען פערטיג געוואָרען.

לויט זייערע מאַטהעמאַטישע אויסרעכנונגען, קענען זייא וויסען פון דעם גראָבען פינגער, צו געבען א מאָס פון דעם גאַנצען קערפּער, אונד, מיט דער הילף פון מיין אַלטעם העמד, וואס איך האב אויסגעשפּרייט אויף דער ערד פאַר זייא אַלס א מוסטער, האבען זייא דאן פערפערטיגט א גוט־פּאַסענדעס העמד.

דרייא הונדערט שניידערס זיינען געוועזען בעשעפטיגט צו מאַכען פאַר מיר קליידער; אָבער זייא האבען שוין געהאט איין אַנדערן איינפאַל וויא צו נעהמען דיא מאָס.

איך האב ניעדערגעקניעט אונד זייא האבען צוגעשטעלט א לייטער פון דער ערד ביז צו מיין האַלז; אויף דיעזער לייטער איז איינער אַרויף געקראָכען. פון דאָרט האט ער אַרונטער געלאָזען א שטיקעל בלייא ביז צו דער ערד, וועלכעס האט אויסגעמאַכט אַקוראַט דיא לענג פון מיין ראָק. וואס עס אַנבעלאַנגט מיין ברוסט אונד הענד, האב איך זייא אַליין אָבגעמאָסטען.

מיינע קליידער זיינען גענעהט געוואָרען אין מיין הויז, ווייל זייער גרעסטע פאַבריק וואָלט צו קליין געוועזען דאפיר. ווען אַלעס איז פערטיג געוואָרען אונד איך האב זייא מיר אָנגעטהאָן, האבען דיא קליידער אויסגעזעהען וויא דיא לאַטע־אַרבייט וואס דיא דאמען מאַכען אין ענגלאַנד, מיט דער אויסנאַהמע וואס מיינע לאַטעס זיינען געוועזען פון אַלע קאָלירען.

איך האב געהאט 300 קעכערס אום פארצובערייטען מיין עסען. זייא האבען געהאט בעקוועמע געצעלטען אין פראנט פון מיין וואהנונג,* וואו זייא האבען געלעבט מיט זייערע פאמיליען. יעדער איינציגער קעכער האט פאר מיר אבגעקאכט צווייער־לייא מאכלים.

איך פלעג ארויף נעהמען צוואנציג קעלנערס אויף מיין האנד אונד זייא אוועק שטעלען אויף מיין טיש. אנדערע הונדערט קעלנערס האבען בעדיענט אונטען אויף דער ערד; מאנכע האבען צוגעבראכט שיסלען מיט פלייש, אנדערע פעסער מיט ווין אונד אנדערע געטרענקע וואס זייא האבען געטראגען אויף דיא פלייצעס. אלע דיעזע זאכען, האבען דיא קעלנערס פון דעם טיש, ארויף געצויגען. איך האב דאס שוין איינגעריכטעט מיט שטריק, אז אלעס זאל צו געהען גראדע וויא מען ציהט ארויף עמערס מיט וואסער אין איירָאפּא.

א שיסעל מיט זייער פלייש, איז מיר גענוג געוועזען אייף א ביסען, אונד א פעסעל פון זייער ווין אויף א זופּ.

זייער לאם־פלייש איז עהנליך צו אונזערן, נאר דאס רינד־פלייש איז אויסגע־צייכענט. איך האב אמאל געהאט א שטיק פלייש געבראטען אויף דיא קוילען, וואס איז מיר גענוג געוועזען אויף דרייא ביסען; אבער אזא גרויסעס שטיק פלייש, איז געוועזען א זעלטענהייט. מיינע דיענער זיינען געוועזען ערשטוינט מיך צו זעהען דאס אויפעסען מיט דיא ביינער מיט אלעמען, גראדע וויא מען עסט בייא אונז אין איירָאפּא דיא קליינע פייגעלעך.

זייערע א גאנז אונד איין ענדיק, האב איך וויא געוועהנליך געהאט אויף איין ביס, אונד איך מוז מודה זיין, אז זייא זיינען בעסער וויא דיא אונזעריגע. פון זייערע קלענערע עופות, האב איך געקענט אויפשטעקען 20 אדער 30 אויף׳ן שפּיטץ פון מיין מעסערל.

אין א טאג, ווען זיין קייזערליכע מאיעסטעט האט ערפאהרען וויא איך לעב, האט ער געוואונשען, דאס ער אונד זיין קייזערליכע פרוי מיט דיא יונגע פּרינצען אונד פּרינצעסינס, „זאלען האבען דאס גליק,“ וויא ער האט זיך אויסגעדריקט, צו עסען מיט מיר.

זייא זיינען ערשיענען, אונד נעהמענדיג זייא מיט זייערע שטאאטס־שטוהלען, האב איך זייא ארויף געשטעלט אויף מיין טיש. זייא זיינען געשטאנען גראדע געגענ־איבער מיר מיט זייער גוואַרדיע נעבען זייא.

פלימנאפּ, דער פינאנץ־מיניסטער, איז אויך ערשיענען מיט זיין ווייסען שטאב. איך האב בעמערקט, אז ער האט אפּט אויף מיר געקוקט מיט א זויערן פּנים,

וועלכעס איך האב מיך געמאכט ניט זעהענדיג, אונד געגעסען נאך מעהר וויא אימער, צור עהרע פון מיין נזהייערעס לאנד, וויא אויך אום ארוים צו רופען בע־וואונדערונג בייא דעם הויף.

איך האב מאנכע פריוואט אורזאכען צו גלויבען, אז דיעזער בעזוך פון זיינער מאיעסטעט האט געגעבען פלימנאפ׳ן א געלעגענהייט מיר צו טהון רעות ביים קייזער. דיעזער מיניסטער איז אימער געוועזען מיין געהיימער שונא, אבוואהל ער האט מיך זאנסט פיעל געשמייכעלט, וואס איז געוועזען א ווידערשפרוך צו זיין מרה־שחורה׳דיגער נאטור.

ער האט דערצעהלט דעם קייזער איבער דעם שלעכטען צושטאנד פון דיא פינאנצען; אז ער איז געצוואונגען געוועזען צו לייהען געלד אויף גרויסע פראצענטען; אז שטאאטס־פאפירען וועלען ניט קענען מעהר צירקולירען מיט 9 פראצענט וועניגער פון דעם אויפגעשריעבענעם ווערטה; אז איך האב שוין געקאסט זיינע מאיעסטעט איבער אנדערטהאלבען ביליאן ספרוגס (דאס איז זייער גרעסטע גאלדענע מטבע, אזוי גרויס וויא אונזערע א פלימערקע), אונד, איבערהויפט, אז עס וועט זיין דיא בעסטע זאך פאר׳ן קייזער, ער זאל זיך בעדיענען מיט דער ערשטער אונד בעסטער געלעגענהייט, מיר צו געבען דעם וועג.

איך בין דא געצוואונגען צו פערטהיידיגען דיא עהרע פון זעהר איין אנ־שטענדיגע דאמע, וועלכע האט אונשולדיג געליטען דורך מיר. דיא געשיכטע איז אזוי געוועזען: דעם פינאנציער האט זיך פערוואלט צו זיין אייפערזיכטיג איבער זיין פרוי. דאס האט געשטאמט דערפון וואס אייניגע שלעכטע מענשען האבען איהם דער־צעהלט, אז דיא דאמע האט זיך אין מיר פערליעבט. דער סקאנדאל אין הויף איז שוין געוועזען אזוי גרויס, דאס זיא איז אמאל געקומען אין געהיים אין מיין הויז.

איך בין מודה, אז זיא איז געקומען אפט אין מיין הויז, אבער יעדעס מאל איז זיא ערשיענען עפענטליך, אונד אויך ניט אהן דרייא בעגלייטער אין איהר דראשקע. דיעזע זיינען געוועזען איהר שוועסטער, איהר יונגע טאכטער אונד א גוטע בעקאנטע. אבער זיא האט ניט געמאכט קיין אויסנאהמע, דען מעהרערע אנדערע הויף־דאמען האבען דאסזעלבע געטהאן. איך וואלט נאך יעטצט געקענט נעהמען אלע מיינע דיענער אלס עדות, אז זייא זאלען זאגע׳, אויב זייא האבען אמאל געזעהען א דראשקע פאר מיין טהיר, אהנע זייא זאלען וויסען ווער דאס איז.

בייא זאלכע געלעגענהייטען, ווען א דיענער האט מיר אנגעזייגט, אז א גאסט איז דא, בין איך באלד צוגעגאנגען צו דער טהיר. נאכדעם וויא איך האב דעם גאסט אדער געסט בעגריסט, פלעג איך נעהמען דיא דראשקע מיט דיא צווייא

פערד, זעהר פארזיכטיג אין מיינע הענד, (ווייל ווען עס זיינען געווען 4 פערד, האט דער טרייבער אימער אויסגעשפאנט צווייא,) אונד זייא געשטעלט אויף מיין טיש. ארום דעם טיש האב איך שוין געמאכט א זייט פון 5 צאלל הויך אום צו פער־היטען איין אונגליק. מעהרערע מאל האב איך אויך געהאט פיער דראשקעס מיט פערד, אויף איימאל, אויף מיין טיש. אלע פלעגען זיין פול מיט געסט, וועהרענד איך בין געזעסען אויף מיין שטוהל מיט מיין געזיכט געגען זייא.

צור צייט וואס איך האב פערבראכט אין געשפרעך מיט איין פארטייא, האט דער טרייבער געקענט גאנץ געמיטהליך ארום שפאצירען מיט דיא איבריגע אויף'ן טיש. אויף אזא ארט, האב איך צוגעבראכט מעהרערע נאכמיטאגען אין זעהר אנגע־נעהמע געזעלשאפט.

איך פארדער אויף דעם פינאנץ־מיניסטער מיט זיינע צווייא מוסרים (איך וועל אנרופען מאנכע נעהמען אונד זאלען זייא טהון וואס זייא קענען,) ק ל ו ס ט ר י אונד ד ר ו נ ל א, זייא זאלען מיר צייגען איין פערזאן וואס איז צו מיר געקומען אין געהיים, אויסער דער סעקרעטער ר ע ל ד ר ע ס א ל, וועלכער איז אמאל געשיקט געווארען אויף א ספעציעלען בעפעהל פון זיינער מאיעסטעט, וויא איך האב שוין דערצעהלט.

איך וואלט ניט אזוי פיעל פערבראכט איבער דיעזער געשיכטע, ווען דא וואלט זיך ניט געהאנדעלט איבער דער עהרע פון א גרויסער דאמע, וועלכע איז אין דעם בעטהייליגט, שוין ניט רעדענדיג פון מיין אייגענער עהרע. עס איז אויך טראטץ דעם וואס איך האב דאמאלס געהאט דיא עהרע צו זיין א נ א ר ד א ק, וועלכעס דער פינאנץ־מיניסטער זעלבסט איז עס ניט.

דיא גאנצע וועלט וויים אויך, אז ער איז נאר א ג ל ו מ ג ל ו ם, וועלכעס איז ניעדריגער מיט א גראד וויא דער טיטעל מארקיז איז פון א דיוק אין ענגלאנד. איך גיב אבער דא צו, אז ער איז געשטאנען העכער פון מיר זעלבסט, ווייל ער האט געהאט א רעכט צו זיין אמט.

דיעזע פאלשע בעריכטע, וועלכע איך האב נאכהער ערפאהרען דורך א צופאל וואס עס פאסט דא ניט צו דערמאהנען, האבען פעראורזאכט וואס דער פינאנציער האט זיך זעהר אונאנגענעהם געצייגט צו זיין פרוי א היבשע צייט אונד צו מיר נאך ערגער. אבוואהל ער האט זיך ענדליך איבערצייגט, אז דאס איז ניט אמת אונד ער האט זיך מיט איהר איבערגעבעטען, דעננאך האב איך פערלוירען יעדעס צוטרויען בייא איהם, אונד איך האב אויסגעפינען, אז איך האב פערלוירען דעם חן אין קייזער'ס אויגען, וועלכער איז געווען צופיעל בעהערשט פון זיין ליעבלינג.

## קאפיטעל 7.

### דער פערפאַסער, נאכדעם וויא ער ערפאַהרט פון א פּלאַן איהם צו בעשולדיגען אין הויכפעררעאַטה, מאַכט א ויברה נאך בלעפוסקו. — זיין עמפּפאַנג דאָרטען.

דער בעריכט וויא אזוי איך האב פערלאָזען ליליפוט לאַנד, מעג דאָ פריהער בעשריעבען ווערען מיט מאַנכע איינצעלהייטען איבער א פריוואט אינטריגע וואס איז געפיהרט געוואָרען זייט צוויא מאָנאט געגען מיר.

איך האב, זייט דאמאלס, בעדארפט פערבלייבען א פרעמדער פון דעם הויף, אונד דערצו האט מיך געפיהרט דיא ערניעדריגונג פון מיין שטאַנד.

איך האב ווירקליך געהערט אונד געלעזען גענוג איבער דיא משפטים פון גרויסע הערשער אונד מיניסטאָרען, אָבער איך האב קיינמאל ניט ערוואַרטעט צו געפינען אזעלכע שרעקליכע זאכען אין אזא ווייטעס לאַנד, בעהערשט, וויא איך האב גערעכענט, לויט זעהר פערשיעדענע רעגעלען פון דיזע אין אייראָפּאַ.

דער לעזער קען זיך ערינערן, אז איך האב פערלאַנגט דיא ערלויבנים צו געהען בעזוכען דעם קייזער פון בלעפוסקו. ווען דיא צייט איז געקומען, איז ערשיענען זעהר א געאַכטעטע פּערזאָן פון הויף (וועלכען איך האב אמאל זעהר פיעל געהאָלפען ווען זיינע מאַיעסטעט איז אויף איהם געווען אין כעס.) ער איז געקומען צו מיין הויז גאַנץ פריוואט אונד בייא נאַכט, אין א פערמאַכטער דראָשקע, אונד אָהנע פריהער אריין צו שיקען זיין נאמען, האט ער באַלד פערלאַנגט איך זאָל איהם אריין לאָזען.

דיא דיענער זיינען ארויס געשיקט געוואָרען. איך האב גענומען דעם שטוהל מיט'ן לאָרד אונד זייא אריין געלעגט אין מיין ראָק־קעשענע, אונד געבענדיג א בע־פעהל צו מיינע פערטרויעטע דיענער זייא זאָלען זאגען אז איך פיהל ניט גוט אונד בין געגאַנגען שלאָפען, האב איך צוגעשלאָסען דיא טהיר פון מיין הויז, אוועק גע־שטעלט דעם שטוהל אויפ'ן טיש, לויט וויא מיין מנהג איז געווען, אונד מיך אויך דאָרט אוועק געזעטצט.

נאכדעם ווא דיא געוועהנליכע בעגריסונג איז געווען פאָראיבער, האב איך בעמערקט דאס געזיכט פון דעם לאָרד זעהר בעטריעבט. פרעגענדיג נאך דער אור־זאַכע, האט ער מיר געענטפערט:

„איך ווינש איהר זאָלט מיך אויסהערען איבער א געגענשטאנד וואס איז נוגע אייער עהרע אונד לעבען.“

זיינע ווערטער האבען געהאט פאָלגענדען אינהאלט, ווייל איך האב מיר אלעס פערצייכענט:

„איהר זאָלט וויסען,“ האט ער אָנגעפאנגען, „אז עטליכע קאָמיטעען פון דעם פארלאמענט, זיינען לעטצטענס ערשיענען, אין געהיים, איבער אייך. עס זיינען פאַר־איבער בלויז צוויא טעג, זייט זיינע מאַיעסטעט איז געקומען צו א פאָלשטענדיגען בעשלוס.

„איהר ווייסט וואהרשיינליך, אז ס ק י ר ע ש ב א ָ ל ג א ָ ל א ם (גאלבעט אָדער דער הויכער אדמיראל,) איז געוועזען אייער טויט־פיינד זייט אייער אנקונפט. זיינע ערשטע אורזאכען ווייס איך ניט; אָבער זיין האס האט זעהר געשטיעגען זייט אייער גרויסען זיעג געגען בלעפוסקו, דורך וועלכען זיין עהרע אלס אדמיראל איז געפאלען.

„דיעזער לאָרד שטעהט אין פערבינדונג מיט פ ל י מ נ א פ ׳ ן, דער פינאנץ־מיניסטער, וועלכענ׳ס האס צו אייך איז גוט בעקאנט איבער זיין פרוי. ל י מ ט א ָ ק דער גענעראל, ל א ל ק א ָ ן דער קאמערהערר, אונד ב א ל מ ו ף דער אויבער־ריכטער, האבען פאַרבערייטעט אנקלאגע־ארטיקלען געגען אייך, פיר הויכפערראטה אונד אנדערע גרויסע פערברעכענס.“

דיעזע פאָררעדע האט מיך געמאכט זעהר אונגעדולדיג, נאכדעם וויא איך האב גוט געוואוסט פון מיינע הויכע פערדיענסטען אונד אונשולד, דאס איך האב איהם געוואָלט אונטערברעכען. ער האט מיך אָבער געבעטען איך זאָל שווייגען אונד ער האט וויטער געזאגט:

„אויס דאנקבארקייט פאר דיא טובות וואס איהר האט מיר געטהאָן, האב איך מיר פערשאפט אלע איינצעלהייטען איבער דער געשיכטע, וויא אויך א קאָפּיע פון דיא ארטיקלען, אונד איך וואג מיט מיין קאפּ אייך צו העלפען. דאס איז דיא אנקלאגע:

## „ארטיקלען פון אַנקלאַגע געגען קווינבוס פלעסטרין, דער מענש־באַרג.

### ארטיקעל 1.

„נאכדעם, דורך א געזעטץ פאסירט אין לאנד פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט, קאלין דעפּפאר פלוקע, איז עס בעשטימט, דאס אירגענד יעמאנד וואס

איז משתין אין דער אומגעבונג פון דעם קייזערליכען פאלאסט, איז אונטערוואָרפען דעם שמערץ אונד שטראפע פון הויכפערראטה. אונגעאכטעט דארויף, האט דער גענאנטער קווינבוס פלעסטרין, אין עפענטליכער פערלעטצונג פון דעם גענאנטען געזעטץ אונטער דעם אויסרייד פון אויסלעשען א פייער אָנגעצונדען אין דיא צימערן פון זיינער מאיעסטעט'ס פיעל געליעבטע פרוי, מיט פעררעטהערישער אונד טייפ־לישער אבזיכט, אָבגעלאָזען זיין השתנה אונד אויסגעלאָשען דאס פייער אנגעצונדען אין דיא גענאַנטע צימערן, וואס ליעגען אונד זיינען אין דער אומגעבונג פון דעם גענאנטען קייזערליכען פאלאסט, געגען דיא געזעטצע א. ז. וו. געגען דער פליכט א. ז. וו.

## ארטיקעל 2.

„דער גענאנטער קווינבוס פלעסטרין, נאכדעם וויא ער האט געבראכט דיא קייזערליכע פלאָטע פון בלעפוסקו אין אונזער האפען, אונד זייענדיג בעאויפטראגט פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט צו עראָבערן אלע אנדערע שיפען פון דעם גענאַנטען בלעפוסקו קייזערטהום, אונד פעראורזאכען דיזעס קייזערטהום וויטער רעגיערט צו ווער־ען פון א וויצע־קעניג, אונד צערשטערען אונד טויטען ניט נאָר אלע ביג־ענדיאַן פערטריעבטנע, זאָנדערן אויך אלע אנדערע מענשען פון דיזען קייזערטהום וואס וועלען ניט באלד אויפגעבען דיא ביג־ענדיאן אפיקורסית; האט ער, דער גענאַנטער פלעסטרין, וויא א פאלשער פעררעטהער געגען זיין גאסט־פריינדליכער אונד ליכטיגער קייזערליכע מאיעסטעט, געבעטען מען זאָל איהם ענטשולדיגען פון דעם גענאַנטען דיענסט, אונטער דער בעהויפטונג, אז ער וויל ניט צווינגען דאס געוויסען אָדער צערשטערען דיא פרייהייטען אונד דאס לעבען פון איין אונשולדיגעס פאָלק.

## ארטיקעל 3.

„דאס נאכדעם וויא געוויסע אמבאסאדאָרען זיינען געקומען פון דעם הויף אין בלעפוסקו, צו בעטען אום פריעדען אין הויף פון זיינער מאיעסטעט, האט ער, דער גענאַנטער פלעסטרין, געהאנדעלט וויא א פאלשער פעררעטהער, אונד געהאָלפען, געשטיצט, געגעבען בעקוועמליכקייט אונד אונטערהאלטען דיא גענאַנטע אמבאסאַדאָרען, אונגעאכטעט דארויף וואס ער האט געוואוסט, אז זייא זיינען דיא דיענער פון א יהערשער, וועלכער איז לעטצטענס געוועזען איין עפענטליכער שונא פון זיין

קייזערליכער מאיעסטעט, אונד איז ארויס אין עפענטליכען קריעג געגען זיין געגאנטער מאיעסטעט.

### ארטיקעל 4.

„דאס דער גענאנטער קווינבוס פלעסטרין, געגען דיא פליכטען פון א גע־טרייען אונטערטהאן, פארבערייטעט זיך יעטצט צו מאכען א רייזע צום הויף פון בלעפוסקו קייזערטהום, אונד, אונטער דעם אויסרייד פון אזא ערלויבניס, בעאב־זיכטיגט ער מיט פאלשע אונד פעררעטהערישע פלענער, צו העלפען, שטיטצען אונד געבען בעקוועמליכקייט דעם קייזער פון בלעפוסקו, וועלכער איז לעטצטענס געווען א פיינד אונד אין עפענטליכען קריעג געגען דער גענאנטער קייזערליכער מא־יעסטעט.“

עס זיינען נאך דא אנדערע ארטיקלען, נאר דיעזע ביז יעטצט, זיינען דיא וויכטיגסטע. איך וועל דא אונטערדעסען איבערגעבען נאך דיא איבריגע ווערטער וואס מיין פריינד האט מיר דערצעהלט: —

„אין דיא עטליכע דעבאטען וועגען דיעזער אנקלאגע, מוז מען מודה זיין, אז זיין קייזערליכע מאיעסטעט האט זיך פיעלע מאל געצייגט זעהר גנעדיג צו אייך, אונד ער האט מעהרערע מאל עראינערט אן דיא דיענסטען וואס איהר האט גע־לייסטעט אונד ער האט פראבירט צו פערלייכטערן אייער פערברעכען. דער פינאנץ־מיניסטער אונד דער אדמיראל, האבען אבער בעהויפטעט, אז איהר מוזט ער־האלטען דעם שמערצהאפטעסטען אונד שענדליכסטען טויט, דערמיט וואס מען זאל אנצינדען אייער הויז בייא דער נאכט. דער גענעראל זאל בעוואכען דיעזע סצענע מיט צוואנציג טויזענד סאלדאטען, בעוואפענט מיט פערגיפטעטע פיילען, אייך צו שיסען אין געזיכט אונד הענד.

„מאנכע פון אייערע דיענער האבען בעדארפט קריעגען געהיימע בעפעהלע צו בעגיסען אייערע העמדער אונד בעט־צייג מיט א פערגיפטעטען זאפט, וואס וואלט באלד פעראורזאכט איהר זאלט אברייסען דאס פלייש פון אייך, אונד שטארבען אונטער שרעקליכע מארטערניסע.

„דער גענעראל איז אויך געוועזן פון דערזעלבער מיינונג, אונד איהר האט גע־האט א מערצאהל געגנער; אבער זיין מאיעסטעט, בעאבזיכטיגענד צו רעטען אייער לעבען, האט ענדליך אבגעטרעדט דעם קאמערהערר.

„בייא דיעזער געלעגענהייט, האט רעלדרעסאל, דער הויפט־סעקרעטער פיר פריוואט־אנגעלעגענהייטען, וועלכער האט זיך אימער געצייגט צו זיין אייער וואהרער

פריינד, ערהאלטען איין אויפטראג פון זיינער מאיעסטעט צו זאגען זיין מיינונג. ער האט דאס אויך געטהאָן, אונד איהר מעגט זיכער זיין, אז איהר האט ניט קיין טעות ווען איהר רעכענט איהם פאר א פריינד.

„ער האט צוגעגעבען, אז אייערע פערברעכענס זיינען גרויס, אָבער עס איז נאך אימער דאָ פלאַטץ פיר גנאַדע, וועלכעס איז דיא העכסטע מעלה פון א הערר־שער, אונד פיר וועלכען זיינע מאיעסטעט איז אזוי בעריהמט.

„ער האט וויטער בעהויפטעט, אז דיא פריינדשאפט צווישען איהם אונד אייך איז אזוי גוט בעקאַנט אין דער וועלט, אז דאס עהרענהאפטעסטע מיניסטעריום וועט איהם פיעללייכט רעכענען פאר פארטייאיש; אָבער, נאך אַלעמען, איז ער דאָך בערייט צו זאגען זיין עהרליכע מיינונג לויט דעם אויפטראג פון זיין קייזער־ליכער מאיעסטעט. דיעזע מיינונג איז נעמליך אזוי: דאס נעהמענדיג אין אנבע־טראכט דיא דיענסטע וואס איהר האט געלייסטעט, אונד געשטיטצט דארויף וואס זיינע מאיעסטעט איז א גנעדיגער אונד בארמהערציגער מאָנארך, שטימט ער דערפאר איין צו רעטען אייער לעבען, אונד בלויז ארויס געבען בעפעהלע אייך אויסצור־שטעכען ביידע אויגען. דיעזע שטראפע, וועלכע ער בעטראכטעט אין זיין אונטער־טהעניגקייט אלס פאסענד אונד גערעכט, וועט, אין א געוויסער בעציהונג יעדען צופריעדען שטעלען, אונד דיא גאנצע וועלט וועט דאן אפלאָדירען דיא מילדקייט פון דעם קייזער, וויא אויך דיא שעהנע אונד בארמהערציגע האנדלונג פון דיעזע וואס האבען דיא עהרע צו זיין דעם קייזער'ס יועצים.

„אז דער פערלוסט פון אייערע אויגען וועט ניט זיין קיין שטערונג צו אייער קערפערליכע קראפט דורך וועלכער איהר קענט דעם קייזער נוטצען ברענגען; דאס בלינדקייט פערמעהרט דעם מוטה אונד פערמיידעט אונגליק פון אונז; דאס דיא מורא וואס איהר האט געהאט פאר אייערע אויגען איז געווען דיא גרעסטע הינדערניסע אום אריבער צו ברענגען דעם פיינד'ס פלאָטע, איז א גאנץ גוטע אורזאכע ווארום איהר דארפט בלינד זיין. איבריגענס, איז עס פאָלקאָמען גענוג איהר זאָלט זעהען דורך דיא אויגען פון דיא מיניסטאָרען, נאכדעם דיא גרעסטע הערשער טהון אויך דאסזעלבע.

„דיעזער פאָרשלאג, איז אָבער עמפפאנגען געוואָרען מיט דער גרעסטער אונ־צופריעדענהייט פון דעם גאנצען מיניסטעריום. באָלגאָלאם, דער אדמיראל, האט ניט געקענט איינהאלטען זיין צאָרן; ער האט זיך ערהויבען אין דער גרעסטער וואוטה אונד געפרעגט מיט וועלכען רעכט דער סעקרעטער האט געוואגט צו געבען א מיינונג וואס זאָל רעטען דאס לעבען פון א פעררעטהער; דאס דיענסטע וואס

איהר האט געלייסטעט, זיינען, דורך אלע אורזאכען פון דעם שטאאט, אייער גרעסטעם פערברעכען; דאס איהר, וועלכער האט געקענט אויסלעשען דאס פייער מיט אייער השתנה איבער איהר מאיעסטעט׳ס צימערן (וועלכעם ער האט עראינערט מיט א שוידער) קענט אויך, צו איין אנדערער צייט, פעראורזאכען א מבול אויף דערזעלבער ארט אונד פערטרינקען דעם גאנצען פאלאסט. דאן, אז דיעזעלבע קראפט וואס איהר האט אנגעווענדעט אריעבער צו ברענגען דעם שונא׳ס פלאטע, קענט איהר וויעדער בענוטצען, ווען איהר וועט אויפגערעגט ווערען, דיא פלאטע צוריק צו פיהרען. ער האט אויך א גוטע אורזאכע, האט ער געזאגט, צו גלויבען, אז אין הערצען זייט איהר א בינ־ענדיאן אונד גלויבט, אז אייער דארף מען אויפברעכען בייא דער ברייטער זייט. אונד אזוי וויא אורזאכען פאנגען אן אין הערצען איידער זייא בעווייזען זיך אין דער עפענטליכקייט, האט ער אייך דערפאר בעשולדיגט אין הויכפערראטה אונד געפאדערט אייער היגריכטונג.

„דער פינאנץ־מיניסטער איז געווען פון דערזעלבער מיינונג. ער האט בעוויעזען צו וואס פאר א טרויעריגען צושטאנד זיינער מאיעסטעט׳ס קאססע האט געגרייכט, דערפאר וואס מען האט אייך בעדארפט אויסהאלטען, אונד, אז מיט דער צייט וועט גאר אונמעגליך זיין אייך אויסצוהאלטען. דערפאר, האט ער בעהויפטעט, איז דעם סעקרעטער׳ס מיינונג אויסצושטעכען אייערע אויגען, דורכאוים א פאלשע, ווייל דאס וועט נאך ניט זיין קיין רפואה צו דער מכה. ער האט געבראכט ביישפיעלע וואס האבען בעוויעזען, אז עס וועט נאך ערגער ווערען. ער האט געזאגט, דאס ווען מיר ווילען עופות זאלען פעט ווערען, דאן שטעכען מיר אוים זייערע אויגען אונד זייא עסען דאן פיעל מעהר וויא פריהער. דער שלום איז געווען, אז לויט זיין מיינונג, איז זיין הייליגע מאיעסטעט אונד דער מיניסטער־ראטה, פאלקאמען איבערצייגט אין געוויסען, אז איהר זייט שולדיג, אונד דאס איז גאנץ גענוג אייך צו פעראורטהיילען צום טויט, אהנע נאך צו פארדערן דייטליכע אדער פארמעלע בעווייזע, לויט וויא דאס שטרענגע געזעטץ בעהויפטעט.

„אבער זיין קייזערליכע מאיעסטעט, זייענדיג פאלשטענדיג ענטשלאסען ניט צו צולאזען קיין טויטעס־שטראפע, האט געהאט דאס גנעדיגע פערגניגען צו בעהויפטען, דאס נאכדעם וויא דער מיניסטער־ראטה רעכענט, אז אויסשטעכען בלויז דיא אויגען איז צו וועניג, זאל נאך שפעטער צוגעלעגט ווערען איין אנדערע שטראפע.

„דערבייא האט אייער פריינד, דער סעקרעטער, אונטערטהעניג פערלאנגט ער זאל נאך אמאל אויסגעהערט ווערען. ער האט אייגענטליך געענטפערט אויף דעם

פינאנץ־מיניסטער׳ס בעהויפטונג, אז זיינע מאיעסטעט ספענדעט צו פיעל אום אייך אויסצוהאלטען. ער האט אזוי געזאגט:

„נאכדעם זיינע עקסעלענץ, דער פינאנץ־מיניסטער, איז דער איינציגער פער־וואלטער פון דעם קייזער׳ס איינקינפטע, קען ער גאנץ לייכט פערהיטען א באנקראט אין דער קאססע, דאמיט וואס ער זאל לאנגזאם פערקלענערן דיא הוצאות אויף אייער עסען. דאפיר וואס דער מענש־בארג וועט ניט קריעגען גענוג שפייז, וועט ער אלץ ווערען שוואכער אונד שוואכער, פערלירען דעם אפעטיט אונד אוועק שטארבען אין עטליכע מאנאט צייט. דאס וועט פערארזאכען וואס זיין קערפער וועט דאן ניט מעהר אזוי שטינקען אונד ניט זיין אזוי געפעהרליך, ווייל עס וועט קוים בלייבען א העלפט פון איהם. נאך זיין טויט, וועלען קענען פינף אדער זעקס טויזענד פון זיינער מאיעסטעט׳ס אונטערטהאנען, אין א 2 אדער 3 טעג, אבשניידען דאס פלייש פון זיינע ביינער, דאס אוועק פיהרען אויף וועגען אונד בעגראבען אין א ווייטער געגענד אום צו פערהינדערן א פעסט. דער סקעלעט וועט קענען פערבלייבען אלס א מאָ־נומענט פון בעוואונדערונג פיר דיא שפעטערע דורות."

„דיא גרויסע פריינדשאפט פון דעם סעקרעטער צו אייך, האט אלזא געענדערט דעם גאנצען צושטאנד. מען האט זיך שטרענג פערפליכטעט, אז דער פארשלאג אייך לאנגזאם צו פערהונגערן, זאל בלייבען א געהיימניס. אבער דיא שטראפע אייך אויסצושטעכעןביידע אויגען, איז איינגעטראגען געווארען אין דיא ביכער אהן א שום פראטעסט. מיט דער אויסנאהמע פון באלגאלאם, דער אדמיראל, וועלכער איז דער קייזערין׳ס א ווערק־צייג, האט נאך אלץ בעהויפטעט, אז מען זאל אייך זאפארט טויטען

„באלגאלאם איז אויך ניט אין גאנצען שולדיג, ווייל איהרע מאיעסטעט, דיא קייזערין, וויל נאר אייער טויט, אונד עס איז אונמעגליך זיא זאל אייך פערצייהען, פאר אייער פערברעכען, אויף וואס פאר איין ארט איהר האט אויסגעלאשען דאס פייער.

„אין דרייא טעג ארום, וועט אייער פריינד, דער סעקרעטער, קומען אין אייער הויז, אונד אייך פארלעזען דיא אנקלאגע־ארטיקלען; ער וועט אייך דאן בעריכטען איבער דער גנאדע אונד בארמהערציגקייט פון זיינער מאיעסטעט אונד זיין מיניסטער־ראטה, דורך וועלכען מען האט אייך בלויז פעראורטהיילט צו פערלירען ביידע אויגען. זיינע מאיעסטעט צווייפעלט נאטירליך ניט, אז איהר וועט זיך מיט דאנקבארקייט אונטערגעבען צו עמפפאנגען דיעזע שטראפע.

„צוואנציג פון זיינער מאיעסטעט׳ס דאקטוירים וועלען דאס בייוואהנען, אום

צו זעהען, אז דיא אָפּעראַציאָן איז גוט דורכגעפיהרט. דיא אָפּעראַציאָן וועט שטאַט־פינדען אויף דיעזער ארט: איהר וועט זיך אוועק לעגען אויף דער ערד, אונד מען וועט אָבשיסען זעהר שאַרפע פיילען אין דיא עפּעלעך פון אייערע אויגען.

„יעטצט בין איך פערטיג, אונד איך לאָז אלעס איבער צו אייער פאָרזיכטיג־קייט אום איהר זאָלט וויסען וואס פאַר א מאַסרעגעלען צו נעהמען. אום צו פער־מיידען פערדאַכט, מוז איך זאָפאָרט צוריק קעהרען גראַדע אזוי געהיימניספאָל וויא איך בין ערשיענען.“

דער לאָרד איז אוועק אונד איך בין צוריק געבליעבען אליין פערצווייפעלט אונד פערוויררט.

עס איז געווען א מערקווירדיגער מנהג איינגעפיהרט פון דיעזען קייזער אונד זיין מיניסטעריום. דיעזער מנהג, לויט וויא איך האב ערפאַהרען, איז געווען שטאַרק פערשיעדען לויט וויא מען האט זיך דאָרט געפיהרט אין אלע צייטען. דער צושטאַנד איז אזוי געווען: נאכדעם וויא דאס געריכט האט בעשטימט איין אונבאַרמהערציגע שטראַפע, ענטוועדער צופריעדען צו שטעלען דעם קייזער'ס א קאַפּריז אָדער דעם קאַפּריז פון זיינעם א ליעבלינג, האט דער קייזער אימער אָבגעהאַלטען א רעדע פאַר דעם גאַנצען מיניסטער־ראַטה, אויסדריקענדיג זיין גרויסע באַרמהערציגקייט אונד צערטליכקייט, אלס מעלות בעקאַנט אונד געריהמט אין דער גאַנצער וועלט.

דיעזע רעדע פלעגט זאָפאָרט פובליצירט ווערען אין דער גאַנצער וועלט. אָבער קיין זאַך האט אזוי אויפגעציטערט דאס פאָלק, וויא אזא באַרמהערציגקייט אונד צערטליכקייט. דיא אורזאַכע דערפון איז געווען, אז וואס מעהר מען האט געלויבט דיעזע מעלות, אלס אונמעשליכער איז געווען דיא שטראַפע, אונד, דאס וויכטיגסטע, דער ליידענדער איז געווען נאָך אונשולדיגער.

אָבער וואס אנבעלאַנגט מיר, מוז איך מודה זיין, דאס נאכדעם מען האט מיך קיינמאל ניט בעשטימט אלס הויף־שמייכלער, ניט דורך געבורט אונד ניט דורך ערציהונג, בין איך געווען זעהר א שלעכטער ריכטער איבער אזעלכע אורטהיילע פון א מאָנאַרך. איך האב אום קיינעם פרייז ניט געקענט ענטדעקען דיא באַרמהערציג־קייט אונד צערטליכקייט אין מיין שטראַפע, אונד איך האב גאר בעטראַכט, (פיעל־לייכט דורך איין אירטהום,) אז דאס איז מעהר שטרענג וויא צערטליך.

מאַנכע מאל האב איך געטראַכט איבערצושטעהען מיין פּראָצעס; וויל, אָבוואָהל איך האב ניט געקענט בעשטרייטען דיא טהאַטזאַכען אויסגערעכענט אין דיא פערשיעדענע ארטיקלען, האב איך דאָך געהאָפט, אז זייא וועלען מוזען פער־לייכטערן דיא שטראַפע.

m

אָבער נאכדעם וויא איך האב בייגעוואהנט מעהרערע שטאאטס־פּראָצעסען אין מיין לעבען, וואו איך האב אימער געזעהען, אז אלעס ענדיגט זיך אזוי וויא דיא ריכטער ווינשען אונד פערלאנגען, האב איך ניט געוואגט מיך צו פערלאָזען אויף אזא אורטהייל אין אזא קריטישען מאָמענט אונד געגען אזעלכע מעכטיגע שונאים.

איינמאל האב איך מיך פעסט ענטשלאָסען מיך צו שטעלען דאגעגען. ווייל זאָלאנג וויא איך האב געהאט דיא פרייהייט, האט דיא גאנצע קראפט פון דיעזען קייזער־טהום מיך ניט געקענט בעזיעגען. איך האב אויך גאנץ לייכט געקענט צערשמעטערן דיא גאנצע הויפטשטאָדט מיט שטיינער.

אָבער איך האב באלד צוריק געשטויסען דיעזע אידעע מיט פעראכטונג, ווען איך האב מיך דערמאָהנט אן מיין שבועה וואס איך האב געגעבען דעם קייזער, אן דיא טובות וואס ער האט מיר געטהאָן, אונד, איבערהויפט, דעם הויכען ט י ט ע ל נ א ר ד א ק, וועלכען איך האב עמפפאנגען פון איהם.

איך האב אויך ניט געהאט אויסגעלערענט דיא דאנקבארקייט פון הויף־שמייכלער, צו פערשטעהען, אז זיינער מאיעסטעט'ס שטרעננער אויפטריט געגען מיר, האט מיך בעפרייעט פון אלע מיינע פערפליכטונגען אין דער פער־גאנגענהייט.

ענדליך האב איך געפאסט א בעשלוס, דורך וועלכען מען וועט מיך געוויס קריטיקירען, אונד אויך ניט אָהן רעכט, ווייל איך בין מודה, אז איך האב מיר גע־רעטעט מיינע אויגען אונד שפעטער אויך געקריעגען מיין פרייהייט, דורך מיין איינענער גרויסער איבעראיילטקייט אונד אויפפיהרונג. ווען איך וואָלט געקענט דיא נאטור פון הערשער אונד מיניסטאָרען, וואס איך האב זייט דאמאלס שטודירט אין אנדערע הויפען, אונד וויא זייא בעהאנדלען פערברעכער וועניגער געפעהרליך וויא איך בין געווען, וואָלט איך געוויס מיט גרויסער איבערגעבענהייט אונד פער־גניגען מקבל געווען אזא לייכטע שטראפע.

אָבער זייענדיג געטריעבען פון דעם יוגענדליכען חשק צו לעבען אונד געניעסען, אונד האבענדיג זיינער מאיעסטעט'ס ערלויבנים אָבצושטאטען דעם בעזוך דעם קייזער פון בלעפוסקו, אונד אָהנע נאך צו ווארטען, בין איך אוועק צו דער זייט פון דער אינזעל וואו אונזער פלאָטע איז געלעגען.

אָנקומענדיג צו דער פלאָטע, האב איך ארוים געשלעפט א קריעגס־שיף, צו־געבונדען א שטריק, ארויף געלעגט דיא אנקערס, דאן האב איך מיר אויסגעצויגען דיא קליידער אונד דיעזע אריין געלעגט אין דער שיף. שלעפענדיג דיא שיף נאך

מיר, בין איך האלב געשוואומען אונד האלב געגאנגען ביז איך האב געגרייכט דעם קייזערליכען האפען פון בלעפוסקו, וואו דאס פאָלק האט מיך שוין לאנג ערוואַרטעט.

מען האט מיר באלד געגעבען צווייא פיהרער, מיר צו ווייזען דעם וועג אין דער הויפּטשטאָדט, וועלכע רופט זיך אויף בלעפוסקו.

דיעזע פיהרער האב איך געהאלטען אין מיינע הענד, ביז איך בין אָנגעקומען אויף 200 עללען פון דעם טויער. דאָרט האב איך זייא געבעטען זייא זאָלען לויפען פאָראויס אונד אנצייגען מיין אנקונפט צו איינעם פון דיא מיניסטאָרען, אונד איהם לאָזען וויסען, אז איך ערוואַרטע דעם בעפעהל פון זיינער מאיעסטעט.

אין א שטונדע צייט, האב איך ערהאלטען איין ענטפער, דאס זיינע מאיעסטעט, בעגלייטעט פון דער קייזערליכער פאמיליע, וויא אויך דיא העכסטע הויף-בעאַמטע, קומען מיך צו עמפּפאנגען.

איך האב דאַן מיך דערנעהנטערט נאך אויף 100 עללען.

דער קייזער אונד זיינע בעגלייטער זיינען ארונטער פון דיא פערד, דיא קייזערין אונד דיא דאַמען פון דיא דראָשקעס, אונד איך האב ניט געקענט בעמערקען, אז זייא זיינען בעקימערט אָדער דערשראָקען.

איך האב מיך אַוועק געלעגט אויף דער ערד, אום צו קושען דיא האנד פון זיינער מאיעסטעט אונד דיא האנד פון דער קייזערין.

דאַן האב איך דערצעהלט זיינער מאיעסטעט, אז איך בין ערשיענען לויט מיין פערשפּרעכען, אונד מיט דער ערלויבניס פון דעם קייזער פון ליליפּוט לאנד, וועלכער איז מיין הערר, אום „צו האבען דיא עהרע אונד זעהען דעם מעכטיגען מאָנארך אונד איהם אָנביעטען אַלעס וואס ליעגט אין מיין קראפט, אבי דאס איז נאָר ניט געגען דער פליכט פון מיין אייגענעם הערשער."

איך האב נאַטירליך ניט דערמאָהנט א וואָרט פון דער שטראפע וואס מען האט בעשטימט געגען מיר, ווייל איך האב נאך קיין אָפיציעלע נאכריכט ערהאלטען דאריעבער, אונד איך האב מיך געמעגט רעכענען אלס גאנץ אונבעקאנט מיט דער גאנצער אנגעלעגענהייט.

איך וועל ניט בעמיהען דעם לעזער מיט איין איינצעלנער בעשרייבונג איבער מיין עמפּפאנג אין דיעזען הויף. איך וועל בלויז זאגען, אז דער עמפּפאנג איז געווען פּאסענד אונד זעהר שעהן פּאר אזא גרויסען הערשער. איך וועל אויך ניט שילדערן דיא אונאנגענעהמע לאגע, ווען איך האב ניט געהאט קיין הויז אונד קיין בעט, אונד איך בין געצוואונגען געווען צו שלאָפען גלאט אויף דער ערד.

## קאַפּיטעל 8.

**דער פּערפאַסער, דורך אַ גליקליכער צוטרעפונג, געפינט אַ מיטעל וויא אַזוי צו פערלאָזען בלעפוסקו; אונד נאך אייניגע שוויריגקייטען, געלינגט איהם צוריק צו קעהרען אין זיין אייגענעם לאַנד.**

מיט דרייא טעג נאך מיין אנקונפט אין בלעפוסקו, האב איך געמאַכט א שפּאַציר צו בעטראַכטען דיא מערקווירדיגקייטען פון דער געגענד. איך בין געקומען צו דער נאָרד־אָסט קיסטע פון דער אינזעל, אונד איך האב בעמערקט, אונגעפעהר א האלבע מייל ווייט אויף'ן ים, עפּעס א זאַך וואס האט אויסגעזעהען וויא איין איבערגעקעהרטעס שיפעל.

איך האב אויסגעצויגען מיינע שיך אונד זאָקען אונד בין אריין אין וואַסער אויף א צווייא אָדער דרייא הונדערט עללען ווייט, וואו איך האב געטראָפען דעם געגענשטאַנד, וועלכער איז געשוואומען אלץ נעהנטער צום ברעג.

דאַן האב איך מיך פאָלקאָמען איבערצייגט, אַז דאס איז ווירקליך א שיפעל, וועלכעס, לויט וויא איך האב גערעכענט, איז דאס דורך א שטורם אָבגעריסען געוואָרען פון א שיף אונד פערוואָרפען אויף'ן ים.

איך האב גלייך צוריק געקעהרט אין שטאָדט אריין, אונד געבעטען זיין קייזערליכע מאַיעסטעט, ער זאָל מיר לייהען צוואַנציג פון זיינע גרעסטע שיפען, וועלכע זיינען איהם צוריק געבליעבען נאך דעם פערלוסט פון זיין פלאָטע, אונד דרייא טויזענד מאַטראָזען אונטער קאָמאַנדאָ פון זיין וויצע־אַדמיראַל זאָלען מיטגעהען.

דיעזע פלאָטע האט אָבגעזעגעלט ארום דעם האַפען, ווערענד איך בין אַוועק מיט דעם קירצעסטען וועג אויף דערזעלבער שטעלע פון דער קיסטע, וואו איך האב צום ערשטען מאל ענטדעקט דאס שיפעל.

איך האב דאַן אויסגעפונען, אַז דאס וואַסער האט עס נעהנטער צוגעבראַכט צום ברעג.

אַלע מאַטראָזען זיינען געווען בעזאָרגט מיט שטריק, וועלכע איך האב פריהער צוזאַמען געבונדען אין א גרויסער לענג.

ווען דיא שיפען זיינען צוגעקומען, האב איך מיך אויסגעצויגען, אריין אין וואסער אונד בין צוגעקומען ביז אונגעפעהר א הונדערט עללען פון דעם שיפעל, אונד דאן בין איך געצוואונגען געווען צו צו שווימען ביז צום שיפעל.

דיא מאטראָזען האבען ארונטער געוואָרפען דיא שטריק, וועלכע איך האב צוגעבונדען צו א לאָך וואס איז געווען אין פראָנט־טהייל פון דעם שיפעל אונד דאן דאס בעפעסטיגט צו א קריעגס־שיף.

אונטערדעסען האב איך בעמערקט, אז מיין ארבייט איז אומזיסט, דען, זייענדיג אויף א פלאטץ וואו איך האב אויף דיא פיס ניט געקענט שטעהען דורך דער טיעפקייט, האב איך ניט געקענט ארבייטען.

איך בין אלזאָ געצוואונגען געווען צו שווימען הינטער דעם שיפעל אונד דאס שטופען יעדעס מאל פאָרוועטס מיט מיינע הענד. אויף דיעזער ארט האב איך געארבייט אזוי לאנג, ביז איך האב געגרייכט א פלאטץ וואו איך האב שוין געקענט שטעהען ביז צו מיין האלז אין וואסער.

איך האב מיך אָבגערוהט עטליכע מינוטען, אונד איך האב ווידער אָנגע־פאנגען צו שטופען דאס שיפעל, אלץ ווייטער אונד ווייטער, ביז דאס וואסער איז מעהר ניט געווען וויא ביז צו מיין ברוסט.

אָבער וויא דיא שווערסטע ארבייט איז געווען פאָראיבער, האב איך גענומען דיא איבריגע שטריק וואס איך האב געהאלטען אויף א קריעגס־שיף, זייא צוגע־בונדען צום שיפעל אונד דאן צו דיא 9 שיפען וואס האבען מיר געהאָלפען.

דער ווינט איז געווען א גינסטיגער, דיא מאטראָזען האבען געארבייט, איך האב צוגעהאָלפען, אונד אזוי זיינען מיר אָנגעקומען ביז א פערציג עללען פון דעם ברעג. דאָרט האב איך געוואַרט ביז דאס וואסער איז צוריק געפאלען אונד דאס שיפעל איז געבליעבען ליעגען אויף דער טריקענעש.

מיט דער הילפע פון א פאאר טויזענד מענשען אונד מאשינען, האב איך דאס שיפעל איבערגעקעהרט אונד געזעהען, אז דאס איז ניט פיעל בעשעדיגט.

איך וועל ניט בעמיהען דעם לעזער מיט דיא שוויריגקייטען וואס איך האב געהאט. איך האב געארבייט צעהן טעג צייט ביז איך האב מיר פערפערטיגט צוויא לאָפעטעס צו טרייבען דאס שיפעל אויפ'ן וואסער, אונד דאן האב איך דאס גע־בראכט אין קייזערליכען האפען פון בלעפוסקו. דאָרט איז ערשיענען דאס פאלק אין גרויסע מאסען אונד בעוואונדערט מיין מעכטיגע שיף, וועלכע האט ביי זייא אויסגעזעהען אונגעהייער גרויס.

איך האב מיטגעטהיילט דעם לעזער, אז מיין גוטעס גליק האט מיר בעשערט דאס שיפעל אין מיין וועג, אום מיך צו פיהרען צו אירגענד א פלאטץ, פון וואנען איך זאל קענען צוריק קעהרען אין מיין אלטער היימאטה. איך האב אויך געבעטען זיינע מאיעסטעט, ער זאל ארויס געבען בעפעהלע מיך צו בעזארגען מיט אלעס נעטהיגע צו דער רייזע, וויא אויך איין ערלויבנים זאל ער מיר געבען, איך זאל מעגען אוועק פאהרען.

נאך אייניגע אונטעררעדונגען, איז דער קייזער געווען אזוי גנעדיג, אום מיין וואונש צו ערפיללען.

איך האב מיך זעהר געוואונדערט, וואס וועהרענד דיעזער גאנצער צייט, האב איך ניט געהערט פון קיין איינציגען בעפעהל פון מיין קייזער צום קייזער פון בלעפוסקו איבער מיר. שפעטער האב איך אבער ערפאהרען, אז זיין קייזערליכע מאיעסטעט פון ליליפוט לאנד, ניט האבענדיג דיא מינדעסטע אהנונג, אז איך וויים עפעס פון דיא פלענער געגען מיר, האט געגלויבט, דאס איך בין בלויז אוועק אין בלעפוסקו לאנד צו ערפיללען מיין פערשפרעכען, לויט דער ערלויבנים וואס ער האט מיר געגעבען, אונד איך וועל צוריק קעהרען אין עטליכע טעג ארום, נאך דעם וויא דיא צערעמאניע וועט זיין פאראיבער.

אבער ענדליך איז ער געווען שטארק בעזארגט איבער מיין לאנגער אבוועזענהייט; אונד נאכדעם וויא ער האט זיך בעראטהען מיט דעם פינאנץ־מיניסטער אונד נאך עהגליכע אזעלכע לייטע, האט ער אבגעשיקט איין איינפלוסרייכען העררן מיט א קאפיע פון דיא אנקלאגע־ארטיקלען געגען מיר.

דיעזער שליח האט געהאט דעם אויפטראג צו ערקלערען דעם מאנארך פון בלעפוסקו, „איבער דער גרויסער בארמהערציגקייט פון זיין העררן, דער קייזער פון ליליפוט לאנד, וועלכער איז צופריעדען מיך בלויז צו בעשטראפען דערמיט, וואס מען זאל מיר אויסשטעכען דיא אויגען; אונד, ווען איך וועל ניט צוריק קעהרען אין צוויא שטונדען צייט, וועט מען פון מיר אוועק נעהמען דעם טיטעל נארדאק, אונד מיך ערקלערען אלס א פערעטהער.“

דער געגאנטער שליח האט נאך ווייטער געזאגט, „דאס, אום צו פערזיכערן דיא פריינדשאפט אונד דעם פריעדען צווישעןביידע לענדער, ערוואַרטעט דער קייזער פון ליליפוט לאנד, אז זיין ברודער, דער מאנארך פון בלעפוסקו לאנד, וועט ארויס געבען בעפעהלע, אז מען זאל מיך צוריק שיקען נאך ליליפוט, געבונדען הענד אונד פיס, אום איך זאל ערהאלטען דיא שטראפע אלס פעררעטהער.“

דער קייזער פון בלעפוסקו, נאכדעם וויא ער האט זיך גענומען צייט דריי־א טעג פיר א בעראטהונג, האט ער אָבגעשיקט איין ענטפער מיט פיעלע קאָמפּ־לימענטען אונד ענטשולדיגונגען.

ער האט אזוי געזאגט:

„דאס וואס אנבעלאנגט צו דער אויפפאָרדערונג צו שיקען דעם מענש־בארג, געבונדען הענד אונד פיס, וויים מיין ברודער פון ליליפּוט לאנד, אז דאס איז אונ־מעגליך. עס איז אפילו אמת, אז דער מענש־בארג האט מיר בערויבט מיין פלאָטע, אָבער דאָך בין איך איהם שולדיג זעהר פיעלע פליכטען, דערפאר וואס ער האט זיך געצייגט שטארק פריינדליך צו מיר אונד אויסגעווירקט איין עהרענהאפטען פריעדען צווישען אונז. יעדענפאלס אָבער, קען דער צושטאנד ניט אזוי לאנג פע־בלייבען, ווייל דער מענש־בארג האט געפונען א גרויסע שיף נעבען ברעג, וואס וועט אימשטאנדע זיין איהם ארויס צו פיהרען אויף'ן ים, אונד איך האב געגעבען בעפעהלע מען זאָל איהם בעזאָרגען מיט אלע נעטהיגע לעבענס־מיטלען צו דיעזען צוועק. איך האָף אלזאָ, אז אין איינינע וואָכען ארום, וועלען אונזערעביידע לענדער פּטור ווערען פון אזא גרויסער לאסט.“

מיט דיעזען ענטפער האט דער שליח צוריק געקעהרט נאך ליליפּוט לאנד, אונד דער מאָנארך פון בלעפוסקו האט מיר אלעס דערצעהלט וואס עס האט פּאסירט.

אין דערזעלבער צייט אָבער, האט ער מיר אָנגעבאָטען, (נאָר אונטער דעם שטרענגסטען געהיים,) זיין גנעדיגען שטוץ ווען איך זאָל פערבלייבען אין זיין דיענסט. אָבוואָהל איך האב געגלויבט, אז ער איז גאנץ ערנסט, האב איך דענּנאָך בע־שלאָסען זיך מעהר ניט צו פערטרויען אין הערשער אונד מיניסטאָרען, ווען איך קען דאס נאָר פערמיידען.

דערפאר, האב איך מיך פריהער זעהר שעהן בעדאנקט פאר זיינע גוטע אבזיכטען, אָבער איך האב מיך אונטערטהעניגסט ענטזאגט אָנצונעהמען דעם פאָרשלאג.

איך האב איהם געזאגט, דאס נאכדעם דאס גליק, גוט אָדער שלעכט, וויא עס וועט שוין זיין, האט מיר איינמאל בעשערט א שיפעל אין מיין וועג, בין איך ענטשלאָסען, איינער אליין, צו וואגען אונד מאכען א רייזע אויף'ן ים, אונד עס איז מיר פיעל ליעבער צו טהון אזא זאך, איידער צו פעראורזאכען שטרייטיגקייטען צווישען אזעלכע „צוויא מעכטיגע מאָנארכען.“

איך האב ניט געזעהען, אז דער קייזער זאָל דערפאַר זיין אונצופריעדען, אונד איך האב אויך ערפאהרען, דורך א געוויסען צופאַל, אז מיין ענטשלוס האט איהם געפרייט. דערזעלבער פאַל איז אויך געוועזען מיט זיינע מיניסטאָרע.

דיעזע צושטאַנדען האבען מיך בעוואויגען איך זאָל מיך בעאיילען שנעלער אָבצורייזען וויא איך האב מיר אנפאַנגס פאָרגעשטעלט. דער הויף וויעדער, וועלכער איז געוועזען זעהר אונגעדולדיג אום פון מיר פּטור צו ווערען, האט אויך אַלעס מעגליכע געטהאָן, אום מיך מיט אַלעס צו בעזאָרגען פיר מיין רייזע.

פינף הונדערט ארבייטער זיינען געוועזען בעשעפטיגט אין פערפערטיגען זעגעל-לייגוואַנד פיר מיין שיפעל, אונד, לויט מיינע בעפעהלע, איז דאס געמאַכט געוואָרען צוזאַמענגעלעגענדיג זייער לייגוואַנד אין דרייצעהן פאַכען.

אום מיך צו בעזאָרגען מיט שטריק, בין איך געצוואונגען געוועזען, צוזאַמען צו דרעהען צוואַנציגע אונד דרייסיגע פון זייערע דיקסטע שטריק.

נאך שווערער מיה איז מיר געלונגען צו געפינען א גרויסען שטיין ביים ים, אונד דיעזען האב איך בעשטימט פיר איין אנקער.

איך האב געהאט דעם חלב פון 300 קיה, אום אויסצושמירען מיין שיפעל אונד אויך צו אַנדערע צוועקען.

איך האב געהאט דיא אונגלויבליכע מיה מיר אָבצושניידען דיא העכסטע בוימער צו מאַכען רודערס אונד זעגעל-בוימער. דאבייא האבען מיר זעהר פיעל גע-האָלפען זיינער מאַיעסטעט'ס שיף'ס סטאָלאַרס, וועלכע האבען זייא גלאַט גע-מאכט נאכדעם וויא איך האב פערטיג געמאַכט דיא גראָבע ארבייט.

אין א מאָנאַט צייט, ווען אַלעס איז פערטיג געוואָרען, האב איך געשיקט דאריבער אָנזאגען זיינער מאַיעסטעט, אום צו נעהמען אבשיעד.

דער קייזער אונד דיא קייזערליכע פאַמיליע זיינען ארויס געקומען פון דעם פּאַלאַסט. איך האב מיך אוועק געלעגט אויף מיין געזיכט אום צו קושען זיין האנד, וועלכע ער האט מיר זעהר גנעדיג געגעבען; דאסזעלבע האט אויך געטהאָן דיא קייזערין אונד דיא יונגע פּרינצען אונד פּרינצעסינס פון קייזערליכען בלוט.

זיינע מאַיעסטעט האט מיר געגעבען פופציג ביימלען מיט צו 200 ספּרונס אין יעדען בעזונדער, וויא אויך זיין בילד אין לעבענס-גרויס, וועלכעס איך האב גלייך אריין געלעגט אין איינער פון מיינע האנדשוה, אום זיא זאָל ניט צוקנייטשט ווערען.

דיא צערעמאָניען פון מיין אבשיעד זיינען געוועזען צו צאָהלרייך אום צו בע-מיהען דעם לעזער דאמיט בייא דיעזער צייט.

איך האב אָנגעלאַדען דאס שיפעל מיט גאנצע אָבגעשונדענע הונדערט אָקסען אונד דרייא הונדערט שאָף, מיט ברויט אונד געטרענקע, אונד אזוי פיעל פערטיג צובערייטעטעס פלייש, וויפיעל 400 קעבערס האבען געקענט אָב־קאָבען.

איך האב אויך מיטגענומען זעקס קיה אונד צווייא בוהייעס לעבעדיגע, וויא אויך אזוי פיעל לעבעדיגע שאָף אונד באַראנעס, מיט דער אבזיכט זייא צו פיהרען אין מיין לאנד, וואו זייא זאָלען זיך פערמעהרען. אום זייא צו געבען עסען אויף דער שיף, האב איך מיטגעפיהרט א היבשעס בינטעל היי אונד א זאַק קאָרן.

איך וואָלט געוויס מיטגענומען עטליכע פון דיא מענשעלעך, אָבער דאס איז געוועזען א זאַך, וואס דער קייזער האט אום קיינעם פרייז ניט געוואָלט צו געבען. אונד, אויסער א טיכטיגע אונטערזוכונג אין מיינע קעשענעס, האט מיך דער קייזער בעשוואוירען בייא מיין עהרע, ניט מיטצונעהמען קיינעם פון זיינע אונטערטהאַנען, ווען דאס איז אפילו מיט זייער אייגענע איינשטימונג.

האבענדיג אַלעס פאַרבערייטעט אזוי גוט וויא עס איז מיר מעגליך געוועזען, האב איך אָבגעזעגעלט אם 24־טען טאָג פון דעם מאָנאַט סעפטעמבער, 1701, אום 6 אוהר פריה.

וויא איך בין אַרויס א 4 מייל פון דעם האפען אין דעם וועג נאך נאָרד, איז אָנגעקומען א זיד־אַסט ווינט, אונד אום זעקס אוהר אבענד, האב איך געקענט בעמערקען א קליינע אינזעל אונגעפעהר א האלבע מייל ווייט נאך נאָרד־וועסט.

איך האב געזעגעלט פאָרווערטס, אונד געאַנקערט נעבען דיעזער אינזעל, וועלכע האט אויסגעזעהען אונבעוואָהנט. דאָן האב איך עפּעס געגעסען אונד גע־טרונקען, אונד בין געגאַנגען רוהען.

איך האב זעהר גוט געשלאָפען, אונד, ווען איך האב קיין טעות ניט, האט דאס געדויערט א זעקס שטונדען צייט, דען מיט א פּאאר שטונדען שפּעטער נאך מיין ערוואכען, האט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען.

עס איז געווען א שעהנע נאַכט.

איך האב געגעסען פריהשטיק, איידער דיא זונן איז אויפגעגאַנגען, אונד נאכדעם וויא איך האב ארויף געצויגען דעם אנקער, איז אָנגעקומען א גוטער ווינט, האב איך אָנגעפאַנגען צו זעגלען אין דערזעלבער ריכטונג וויא דעם לעצטען טאָג. מיין וועג האב איך געוועהלט לויט נאך דעם: קאָמפּאַס וואס איך האב גע־האט אין קעשענע.

מיין אבזיכט איז געווען צו גרייבען, ווען מעגליך, איינע פון דיעזע אינזלען, וואס איך האב געהאט אורזאכע צו גלויבען, אז זייא געפינען זיך אין דער נאָרד־אָסט זייט פון וואן דיעמען׳ס לאנד.

דעם גאנצען טאָג, האב איך קיין זאך ערבליקט, נאָר אויף׳ן אנדערן טאָג, אונגעפעהר אום דרייא אוהר נאכמיטאג. ווען איך האב אָבגערייזט אונגעפעהר 24 מיילען פון בלעפוסקו, האב איך ערבליקט א זעגעל זיך בעוועגענדיג נאך זיד־אָסט. איך האב געזעגעלט נאך אָסטען.

ווען איך האב מיך דערנעהנטערט צו דער שיף, האב איך געגעבען א סיגנאל, נאָר איך האב ניט געקריעגען קיין ענטפער. אונטערדעסען האב איך געשפירט, אז איך דערנעהנטער מיך אלץ מעהר צו דער שיף.

איך האב אויסגעצויגען דיא לייגוואנד פון אלע מיינע זעגעל־בוימער אונד זייא שטעלענדיג אקוראט צום ווינט, האב איך אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט זיא צו דערגרייכען. נאך א האלבע שטונדע צייט, האט זיא מיך ערבליקט; ארויף געצויגען איהר פאָהן אונד אָבגעפייערט א קאַנאָן.

עס איז ניט לייכט צו בעשרייבען דיא פרייד וואס איך האב געשפירט, ווען איך האב מיך געזעהען אזוי נאהענט צו מיין אונערווארטעטער האָפנונג, וויעדער צוריק צו קעהרען אין מיין בעליעבטעס פאטערלאנד אונד זיין נאך אמאל צוזאמען מיט מיין פרוי אונד קינדער.

דיא שיף האט איינגעצויגען איהרע זעגלען, אונד ווען איך בין צוגעקומען נעבען איהר, איז עס שוין געווען צווישען זעקס אונד זיעבען אוהר אבענד, אם זעקס־אונד־צוואנציגסטען סעפטעמבער.

איהר קענט זיך גאר קיין בעגריף ניט מאַכען וויא מיין הארץ האט אין מיר געטאנצט פאר פרייד נאך זעהענדיג, אז דאס איז איין ענגלישע שיף.

איך האב באלד אריין געלעגט מיינע קיה אונד שאָף אין מיין ראָק־קעשענע, אונד בין ארויף געקראָכען אויף דער שיף, מיטנעהמענדיג מיין ביסעל פראָוויאנט וואס איך האב געהאט.

דאס איז געווען איין ענגלישע האנדעלס־שיף, וועלכע האט צוריק געקעהרט פון יאפּאן דורך דיא נאָרד אונד זיד ימים.

דער קאַפּיטאן, א געוויסער דזשאָהן בידדעל, פון דעפּטפאָרד, איז געווען זעהר א ליעבער מענש אונד איין אויסגעצייכענטער זעע־פאָהרער.

מיר האבען זיך דאן געפונען אויף׳ן זיד־ים, אונד עס זיינען געווען פופציג מענשען אויף דער שיף. איך האב אויך דאָרט בעגעגענט מיינעם איין אלטען

קאמעראד, מיט דעם נאמען פעטער וויללייאמס, וועלכער האט מיך גוט רעקאָמענ־דירט צום קאפיטאן.

דער קאפיטאן האט מיך דאן זעהר גוט בעהאנדעלט אונד פערלאנגט איך זאָל איהם דערצעהלען פון וואנען איך קום, אונד וואוהין איך פאָהר.

איך האב איהם מיטגעטהיילט מיין געשיכטע אין קורצע ווערטער, אָבער דער גוטער קאפיטאן האט געמיינט, אז איך רעד פון וועג, אונד דאס דיא געפאהרען אויף׳ן ים, וואס איך האב אויסגעשטאנען, האבען געריהרט מיין פערשטאנד.

זעהענדיג דיא אונגלויבליכע מיענע אויף זיין געזיכט, האב איך גלייך ארויס גענומען מיינע בהמות מיט דיא שאָף פון דער קעשענע. דאס האט איהם נאך פיעלער בעוואונדערונג באַלד איבערציינגט, אז איך בין ניט משוגע אונד איך זאג דיא ריינע וואהרהייט.

דאַן האב איך איהם געציינגט דאס גאָלד וואס דער קייזער פון בלעפוסקו האט מיר געגעבען, וויא אויך דאס בילד פון זיינער מאיעסטעט אין דער לעבענס־גרויס אונד מאנכע אנדערע זעלטענהייטען פון דיעזען לאנד.

איך האב איהם געגעבען צוויא בייטלען פון צו צוויא הונדערט ס פ ר ו ג ס, אונד איך האב איהם פערשפראָכען, דאס ווען מיר וועלען אָנקומען נאך ענגלאנד, וועל איך איהם פרעזענטירען מיט א קוה אונד א גרויסע שאָף מיט א שעפעלע.

איך וועל ניט בעמיהען דעם לעזער מיט דיא איינצעלהייטען פון דיעזער רייזע, וועלכע איז געווען מייסטענטהיילס זעהר א גליקליכע. מיר זיינען אָנגעקומען נאך דאָונז, אם 12־טען אפריל, 1702.

בלויז איין אונגליק האב איך געהאט, אונד דאס איז, וואס דיא מייז אויף דער שיף, האבען בייא מיר אוועק געגנב׳עט איינע פון מיינע שאָף. איך האב נאכהער געפונען איהרע ביינער אין א לאָך, וואו דאס גאנצע פלייש איז געווען אָבגע־פרעסען.

מיינע איבריגע בהמות האב איך אַרונטער גענומען אויף דער יבשה אין זיכערהייט, אונד זייא געלאָזען זיך פאסען אויף א לאָנקע אין גרינוויטש. דאָרט איז דאס גראָז זעהר דין, אונד דאס האט פערווּנדערט וואס זייא האבען זיך גוט געפיטערט, אָבוואָהל איך האב אימער מורא געהאט אז איך וועל פאר זייא ניט קענען געפינען קיין פאסענדע פאשע.

איך וואָלט זייא אויך ניט געקענט אויסהאַלטען אזא לאנגע רייזע, ווען דער

קאפיטאן וואָלט מיר ניט געגעבען מאנכע פון זיינע פיינסטע קוכענס, וועלכע איך האב צוריבען אויף מעהל, אונד דאס אויסמישענדיג מיט וואסער, האט עס געדיענט אלס זייער שפייז.

דיא קורצע צייט וואס איך האב פערבראכט אין ענגלאנד, האב איך פערדיענט זעהר פיעל געלד דערמיט וואס איך האב געצייגט צו פיעלע גרויסע לייט מיינע בהמות.

איידער איך האב אנגעפאנגען מיין צווייטע רייזע, האב איך זייא פערקויפט פאר זעקס הונדערט פונט שטערלינג.

זייט דער צייט וואס איך האב לעטצטענס צוריק געקעהרט, זעה איך, אז דער מין האט זיך שטארק פערמעהרט, איבערהויפט דיא שאף, וועלכע איך האף, אז זייא וועלען פיעלע נוטצען ברענגען פיר דיא וואָל־פאבריקאנטען דורך דער פיינקייט פון זייערע האאר.

איך בין בלויז פערבליעבען צוויא מאָנאט מיט מיין פרוי אונד פאמיליע, וויל מיין גרויסע לוסט צו זעהען פרעמדע לענדער, האט מיך ניט געלאזען רוהען צו הויז.

איך האב געלאזען פופצעהן הונדערט פונט שטערלינג בייא מיין פרוי אונד זיא אויך איינגעריכטעט אין א גוטער וואהנונג פון רעדקליף.

מיין איברינעס פערמעגען, האב איך מיט מיר געפיהרט. דאס איז בעשטאנען טהייל־וויז פון געלד אונד א טהייל אין סחורה. איך האב געהאפט דאדורך צו פערגרעסערן מיין פערמעגען.

מיין עלטעסטער אנקעל דזשאהן, האט מיר צוריק געלאזען א ירושה אין לאנד נעבען עפפינג, וואס האט איינגעבראכט אונגעפעהר פופציג פונט שטערלינג א יאהר. איך האב נאך געהאט איין אנדערעס געשעפט אין פעטער ליין, וואס האט מיר איינגעבראכט אויך אזוי פיעל.

אויף דיעזער ארט, איז קיין געפאהר געווען, אז איך וועל צוריק לאזען מיין פאמיליע זייא זאלען חלילה בעדארפען אנקומען צו פרעמדע אום הילפע.

מיין זוהן דזשאהני, וועלכער האט אזוי געהייסען נאך מיין אנקעל, האט דאמאלס געלערענט אין שולע אונד איז געווען א גאנץ פלייסיגעס קינד.

מיין טאָכטער בעטטי (וועלכע איז שוין יעטצט פערהייראטהעט צו א וואהלהאבענדען מאן אונד האט קינדער) איז נאך דאמאלס געזעסען אונד זיך בעשעפטיגט מיט נעהען פאר'ן הויז.

איך האב מיך געזעגענט מיט מיין פרוי, זוהן אונד טאָכטער; יעדער פון אונז האט געוויינט, אונד איך האב מיך אויפגעזעטצט אויף דער שיף „אדוועגטיור,“ וואס איז געוועזן א היבשע האנדעלס־שיף, וועלכע האט גערייזט נאך סוראט. קאַפּיטאַן דזשאהן ניקאָלאס, פון ליווערפול, איז געוועזן דער קאָמאַנדאַנט.

אָבער דער בעריכט פון דיעזער רייזע, מוז געלעזען ווערען אין צווייטען טהייל פון מיינע רייזע־בעשרייבונגען.

ע נ ד ע.



# נאכבעמערקונגען פון דעם איבערזעטצער.

## גוליווער'ס רייזען.

דער לעזער האט דא געהאט א בוך צום לעזען אין דער אידישער שפראכע, וועלכעס איז ביז יעטצט, שוין איבערזעטצט געוואָרען ניט נאָר אין אַלע אייראָפּע־אישע שפּראכען, זאָנדען אויך אין אראביש, סיריש, טערקיש אונד א פּאאר דיא־לעקטען פון אינדיען.

דיא פערפאסונג רופט זיך א טהייל פון „גוליווער'ס רייזען." דאס בוך, הייסט עס, איז געשריעבען געוואָרען פון א מאַן מיט דעם נאמען גוליווער, וועלכער האט זעלבסט דורכגעמאכט דיעזע רייזען.

דיא ערשטע רייזע רופט זיך אין ענגלישען אָריגינאל A Voyage to Liliput (א רייזע נאך ליליפּוט.) ליליפּוט, אייגענטליך, הייסט קליין, אונד, צו דער געגענ־ווערטיגער צייט, איז דיעזער נאמען פיר קליין געוואָרען אזוי פּאָפּולער אין אַלע מאָדערנע שפּראכען, דאס דיא קליינע מענשען, קארליקעס אָדער צווערגען, ווערען אָנגערופען ליליפּוטאנער נאך דעם נאמען פון גוליווער'ס מענשעלעך, וועלכע ער האט בעזוכט.

גוליווער, הייסט עס, האט געמאכט פּיער רייזען; דיא ערשטע איז, וויא מיר האבען שוין בעצייכענט, אונד דיא צווייטע רופט זיך A Voyage to Brobdingnag, אָדער „א רייזע צו דיא ריעזען"; דיא דריטע איז, A Voyage to Laputa, Balnibarbi, Lugganag, Glubbdubdrib, and Japan (א רייזע נאך לאַפּוטא, באלניבארבי, לוגגאנאג, גלובבדובדריב אונד יאפּאַן.) בעסער געזאגט, איז דיא דריטע רייזע מעהר בעקאנט אלס דיא „פליהענדע אינזעל." דיא פּיערטע הייסט A Voyage to the Honyhnhnms (א רייזע צו דיא האָניהנהנמס.) אָדער, אום עס בעסער צו פערשטעהען, הייסט עס, „א רייזע צו דיא פערד וואס לעבען אלס מענשען אונד צו דיא מענשען וואס לעבען נאך ערגער וויא פערד."

אַט דאס אַלעס צוזאַמען, בילדעט גוליווער'ס רייזען אונד איז א בוך וואס ווערט בעטראַכט אַלס א הויכעס קלאַסישעס ווערק, אָהן וועלכען קיין בעדייטענדע ליטעראַטור קען זיך בעגעהען.

דיא ערשטע רייזע, וועלכע מיר רופען אָן „דיא קליינע מענשעלעך," האט שוין דער לעזער דורכגעלעזען. עס איז ווירקליך א שעהנע אונד אונטערהאַלטענדע געשיכטע; „אָבער," וועט דער לעזער זאגען, „זיא איז גוט פאר קליינע קינדער, ניט פאַר גרויסע מענשען מיט א געזונדען פערשטאַנד."

אַט דאָ טאַקי ליעגט דיא חכמה! זיא איז גוט פאר קליינע קינדער אונד פאַר קליינע מוחות וואס פערשטעהען ניט פיעל, אָבער זיא איז נאָך פיעל בעסער פאַר גרויסע אונד ערוואַקסענע מענשען, וועלכע געפינען דאָרט א וועלט מיט אידעען, קריטיק, איבערזיכט אונד מענשליכע שוועכען. מען מוז שטודירען ניט נאָר יעדע שורה, זאָנדערן יעדעס וואָרט שפּיעלט א ראָלע, אונד א בוך וואס דיא אַלגעמיינע קריטישע וועלט האט דאס געשטעמפּעלט מיט'ן זיעגעל אַלס קלאַס־סיקער, איז דאס ווערטה צו פערטרעטען דעם פּלאַטץ פון נימצליכער ליטע־ראטור.

גוליווער'ס רייזען געפינען זיך אין דער ענגלישער שפּראַכע אין אונצעהליגע אויסגאַבען. מאַנכע האבען זעהר לאַנגע פּירושים דארויף, געשריעבען פון היסטאָ־ריקער, דענקער אונד פילאָזאָפען.

אין פראַנצויזיש געפינען זיך ניט וועניגער אַלס 20 איבערזעטצונגען מיט פּירושים. אין דייטש געפינען זיך אויך עטליכע איבערזעטצונגען.

אונזער אידישע שפּראַכע האט לעטצענס אריין געקריעגען זעהר ניטצליכע ווערקע, אונד עס איז צו האָפען, אַז גוליווער'ס רייזען וועלען ניט זיין צו פריה אריין געבראַכט אין אונזער ליטעראַטור, אונד דאס אידישע פּובליקום איז שוין גענוג פאָרטגעשריטען אום אויך אַזעלכע ווערקע צו פערדייען.

## ווער איז געוועזען גוליווער?

דיא פראַגע איז יעטצט: האט דער רייזענדער, אָדער דער שרייבער פון דיעזע רייזען, ווירקליך געהייסען גוליווער?

מיט אונגעפעהר א פּאַאר הונדערט יאָהר צוריק, ווען דיעזעס ווערק איז צום ערשטען מאל ערשיענען אין דער ענגלישער שפּראַכע, האט עס געטראַגען פאָלגענדען טיטעל פון דעם פערפאַסער:

## Lemuel Gulliver,
## First a Surgeon and than a
## Capitan on Several Ships.

(לעמועל גוליווער, פריהער א דאָקטאָר אונד דאַן א קאַפּיטאַן אויף עטליכע שיפען.)

יא, דאמאלס האבען ווירקליך פיעלע געגלויבט, אז דער נאמען פון דעם פערפאסער, איז טאקי גוליווער, נאָר דיא ליטעראַרישע וועלט האט דאָ דערקענט א בריליאַנטענע פעדער פון א טיכטיגען שרייבער, וועלכער וויל זיין נאמען ניט ארויס ווייזען דורך געוויסע פּאָליטישע אורזאכען.

דיא נאהענטע בעקאַנטע פון דעם פערפאסער, האבען גאַנץ גוט געוואוסט ווער דער שרייבער איז, אָבער זייא האבען דאס געהאלטען בסוד הסודות, דען זאָנסט וואָלט מען איהם פערשיקט.

שפּעטער האט מען ערפאהרען, אז דער פערפאסער איז געוועזען דער בעריהמטער גייסטליכער יאָנאַטהאַן סוויפט.

יאָנאַטהאַן סוויפט איז געבוירען געוואָרען אם 30־טען נאָוועמבער 1667 אין דובלין, אירלאַנד. זיין פאטער איז געשטאָרבען, וועהרענד זיין מוטער האט נאָך מיט איהם געשוואַנגערט.

ער האט גענאָסען א גוטע ערציהונג אונד איז געוועזען א גרויסער געבילדעטער מענש אין זיין צייט. שפּעטער האט ער זיך אויף זעהר פיעל בעטהייליגט אין דער ענגלישער פּאָליטיק, אונד זיינע ווערקע זיינען א רעזולטאַט פון יענע אונרוהיגע פּאָליטישע צייטען.

אונטער דיא פיער רייזע־בעשרייבונגען וואס מיר האבען פריהער אויסגערעכענט, ווערען בעטראַכטעט זיינע ערשטע צווייא אלס דיא בעסטע; דאס הייסט, פריהער „דיא קליינע מענשעלעך", אונד דאַן „דיא ריעזען," אָדער „דיא רייזע נאָך בראָבדינגנאַג."

„דיא ריעזען" וועט באלד ערשיינען פון דרוק נאָך „דיא קליינע מענשעלעך," אונד, מיר האָפען, אז דיזע צווייא ווערקע וועלען מאַכען זעהר גוטע ווירקונג אויף'ן אידישען פּובליקום, אונד זייער קלאַססישער ווערטה וועט אָקצעפּטירט ווערען וויא עס פּאַסט פיר פערנינפטיגע מענשען.

# דיא אידעע פון אַנדערע וועלטען.

אַבוואַאל יאָנאַטהאַן סוויפט, דער פערפאַסער פון גוליווער׳ס רייזען, האט גע־לעבט אין א צייט, ווען דיא אסטראָנאָמישע וויסענשאַפט האט נאָך ניט געהאט עררייכט דיא יעטצטיגע שטופע, דענגאָך שיינט עס, אז ער האט שוין מיט זיין שאַרפזיניגען מח בעגריפען דאס, וואס דיא גרויסע געלעהרטע דערצעהלען אונז יעטצט.

דיא אסטראָנאָמישע וויסענשאַפט אונד גוליווער׳ס רייזען, אויסער זייער פאָד־ליטישען ציעל, האבען א גרויסען שייכות מיט אנאַנדער. דיא אסטראָנאָמיע איז ווירקליך זעהר אַלט; ניט נאָר דיא אשורים, בבלים, פרסים אונד עגיפטער האבען שוין געוואוסט, אז עס זיינען פערהאַנדען שטערען גרעסער וויא אונזערע גאַנצע ערד איז, זאָנדערן אויך דיא גאַנץ אַלטע אינדיער אונד אַלטע כינעזער האבען דערפון געשפּראָכען.

אָבער דיא אסטראָנאָמיע, וויא עס שיינט, איז נאָך געוועזען אין דיא וויקעלעך ביז מיט א פּאָאר הונדערט יאָהר צוריק, אונד מענשען האבען איבער איהר מעהר גע־טרוימט וויא געוואוסט.

מען האט זיך משער געווען מיט זאָ־גענאַנטע וויסענשאַפטליכע סברות, אז דיא שטערען זיינען גרויסע אונד אונגעהייערע קערפּערס, נאָר גענויעס האט מען דאַריבער נים געקענט וויסען.

ערשט אין סוויפט׳ס צייטען, האט מען אָנגעפאַנגען עפּעס פּאָזיטיוועס צו בע־גרייפען, אז אונזער ערד איז נאָר א שוואכער פּונקט אין דער אייביגער אונענדליכ־קייט. נאָר דיעזע בעהויפּטונגען האבען נאָך געהאט זעהר ווייניג אנהענגער, אונד זייא זיינען געלעגען אויסשליעסליך אין דיא הענד פון געצעהלטע וויסענשאַפטליכע מענער.

נאָך מעהר, עס איז אפילו שווער געווען צו פערברייטען דיא אידעע, אז דיא ערד איז א קוגעל, אונד איז ניט פלאַך וויא א טיש. דיא מענשהייט האט זיך דאַמאלס פיעל מעהר בעשעפטיגט מיט רעליגיעזע צערעמאָניען אלס מיט פּאָזיטיווער וויסענשאַפט.

דאס גרעסטע וואונדער איז, וואס סוויפט, וועלכער איז זעלבסט געווען א גייסטליכער, האט אקצעפּטירט בעסער דיא וויסענשאַפטליכע טהעאָריען, אלס צו פּראָפּאַגאַנדירען דיא אידעע, אז דיא ערד שטעהט אונד דיא זונן דרעהט זיך אַרום איהר, וויא מייסטענס גייסטליכע האבען עס פערלאַנגט.

עס ווייזט זיך ארויס, פון כוויפט'ס שריפטען, אז ער איז געווען פאלקאמען איינפערשטאנען מיט דיא אסטראנאמען, דאס דיא ערד איז א קוגעל, אונד דערצו, איין אונבעדייטענדער קוגעל נעגען דער מעכטיגער זונן ארום וועלכער זיא דרעהט זיך. ער האט אויך געוואוסט, אז עס געבען אויך אנדערע שטערען וואס דרעהען זיך ארום דער זונן, אונד מאנכע פון זייא, זיינען פיעל גרעסער וויא אונזער ערד.

נאך אלע וואהרשיינליכקייטען, איז סוויפט, טראטץ זיינע בעשעפטיגונגען אלס נייסטליכער, אויך געווען א געלערענטער מענש, אונד אויסער זיין טיכטיגען אנטהייל אין פאליטיק, האט ער געהאט א גוטע בעקאנטשאפט מיט דער עקזיסטירענדער וויסענשאפט פון זיין צייט.

דאס וואונדערבארע אבער אין זיינע שריפטען, זעהען מיר ארויס פון זיין פאנטאזיע איבער נאך אנדערע וועלטען.

צום ביישפיעל, זיין בעגריף איבער מענשעלעך וויא אין ליליפוט לאנד אונד זיין אויפפאסונג איבער מענשען צוואנציג מאל, אדער נאך מעהר, אזוי גרויס וויא מיר זיינען, צייגט א וויטערן בעגריף אין דער אסטראנאמישער וויסענשאפט.

דיא מאדערנע אסטראנאמען דערצעהלען אונז אונד בעווייזען, אז ארום דער זונן וואנדערן אכט גרויסע שטערען אדער וועלטען. דער ערשטער איז מערקור, וועלכער איז קלענער וויא א פערטעל פון אונזער ערד; דער צווייטער איז וועגוס, באלד אזוי גרויס וויא אונזער ערד; דאן קומט אונזער ערד; נאכדעם מארס, עטוואס איבער א העלפט אזוי גרויס וויא אונזער ערד; יופיטער, איבער טויזענד מאל אזוי גרויס וויא דיא ערד; דאן סאטורן, אוראנוס אונד נעפטון.

אום זיך ניט אריין צו לאזען אין צו וויטע אסטראנאמישע ויכוחים, ווילען מיר נאר דא דערמאהנען וואס דיא אסטראנאמען זאגען איבער מארס'ן.

דיעזער שטערען מארס, וועלכער איז מעהר וויא א העלפט אזוי גרויס וויא אונזער ערד, האט גראדע אזא לופט־דעק ארום זיך וויא דיא ערד האט. מיר זעהען גאנץ גוט מיט דיא שפאקטיוון א נארד־פאל מיט א זיד־פאל, וועלכע ווערען שטארק בעדעקט מיט שנעע אין דיא ווינטער־צייטען, אונד דאן, ווען דער זומער קומט הארט, שמעלצען זייא זיך. אבער דאס איז נאך ווענינ; מיר בעמערקען ימים, אונד, דערצו, אזעלכע רעגעלמעסיגע קאנאלען, וועלכע איבערצייגען אונז, אז זייא זיינען ניט געמאכט פון קיין נאטור־צופאל, זאנדערן פערנונפט האט זייא געפלאנט אונד דורכגעפיהרט.

עס איז אמת, מיר האבען נאך ניט אזעלכע שפאקטיוון אום צו קענען זעהען

אויפ'ן מארס דיא לעבעדיגע ברואים, אָבער מיר קענען אָננעהמען, מיט פיעל אָדער וועניגער זיכערהייט, אז דאָרט זיינען ווירקליך דאָ ברואים.

אונד ווארום זאָל מארס ניט האבען קיין לעבעדיגע ברואים וויא עס געפינען זיך אויף דער ערד? אלע צושטענדען דייטען דאַרויף, אז ברואים מוזען דאָרט זיין. עס איז יעטצט ניט דיא פראגע וויא דיא ברואים זעהען אויס, אויב זייא זיינען אין דער פאָרמע פון מענשען וויא אויף דער ערד, אָדער זייא זיינען גרויסע פלעדער־מייז. דיא הויפטזאך איז, אז מארס האט לעבעדיגע בעשעפענישען, אונד, עס איז מעגליך, אז זייא זיינען נאך קליגער אלס מיר, אונד שטעהען פיעל ווייטער פאָרטגעשריטען אין דער ערפאהרונג פון נאטור'ס געהיימניסע אלס מיר ערד־בעוואָהנער.

דיא אסטראָנאָמען געבען אָן גענוג אורזאכען ווארום זייא קענען זיין קליגער אונד פאָרטגעשריטענער וויא מיר זיינען.

יעטצט לאָמיר אָננעהמען, אז מארס האט מענשען אין דער פאָרמע וויא מיר זיינען. מארס איז אָבער בעדייטענד קלענער, אונד, לויט דער קליינהייט פון זיין קערפער, דארף ער פראָדוצירען קלענערע ברואים; דיא דאָרטיגע מענשען אלזאָ, זיינען בעדייטענד קלענער וויא מיר זיינען.

יופיטער ווידער, וועלכער איז דער גרעסטער שטערען אין זונען־סיסטעם, אונד איז איבער טויזענד מאל גרעסער וויא אונזער ערד, דארף אלזאָ האבען, (ווען ער האט נאָר) אונגעהייערע גרויסע מענשען אויף זיך.

דיא וואהרהייט איז, אז דאס איז א וויסענשאפטליכע פלוידערייא. דיא ריינע אונד בעשטימטע וויסענשאפט, לאָזט ניט צו אזעלכע אונבעשטימטהייטען. אָבער, וויא דיא זאך איז, האט אזא פלוידערייא ארויס געררופען א לעבהאפטע אינטערעסע אין דער וועלט, אונד, אין דער לעטצטער צייט, זיינען אָנגעשריעבען געוואָרען היבשע עטליכע ביכער דאריבער.

ווען סוויפט האט געלעבט, האט דיזע וויסענשאפטליכע פלוידערייא נאך ניט געהאט אזא בעשטימטען כאראקטער וויא יעטצט, אונד 99 פראָצענט דער מענשהייט האט בעטראכטעט דיזע ערד אלס דעם אלסדינג אין דער וועלט. זאָגאר דעם גיהנום האט מען ניט אוועק געשטעלט ווייטער וויא אין א גרוב פון ערגיץ א מדבר, וואו דער שטן מיט זיינע מחבלים שטעהען אונד הייצען איין אויוון פאר דיא רשעים, וועלכער ברענט טאָג אונד נאכט.

עטוואס העכער פון דער ערד, האט מען נאָר בעהערט גאָט מיט זיינע מלאכים. אפילו וועגען דעם גן־עדן איז געווען א גרויסער קלקול; מאנכע רעליגיעזע פאָר־שטעהער האבען געוואָלט דער גן־עדן זאָל זיין אין הימעל, אָבער פיעלע אנדערע

האבען געזאגט, אז דער גן־עדן איז אלץ דאָ אויף דער ערד, ערגעץ־וואו אין אזיען, וואו אָדם הראשון אונד חוה, האבען צום ערשטען מאל געמאכט בעקאנטשאפט מיט'ן נחש־הקדמוני, אונד יעטצט שטעהען דאָרט מלאכים מיט דעם להט־החרב־המתהפכת, אונד פערהיטען, אז אונגעוואַרטע געסט זאָלען אהין ניט אריין קומען.

עס איז אלזאָ ארויס צו זעהען, אז דיא מענשען האבען זיך ניט געקענט אָב־געוועהנען פון דער בעהויפּטונג, דאס דיעזע ערד איז דער עולם ומלואה, אונד העכער פון דיעזער ערד, עקזיסטירט אלעס נאָר פיר אונז יחסנים, מענשען; וויא דיא ביבעל זאגט קורץ: „דיא זונן דארף לייכטען בייא טאָג אונד דיא לבנה מיט דיא שטערען בייא נאכט" — בלויז צוליעב דעם מענשען.

סוויפט איז געווען א פּראָדוקט פון יענער מענשהייט, וועלכער האט זאָגאַר מיט דער פאנטאזיע מורא געהאט צו פערלאָזען דיעזע ערד. ער האט געוואוסט, אז עס זיינען דאָ נאך אנדערע וועלטען, נאָר, ווען ער איז געגאנגען זוכען זיינע קליינע מענשעלעך אונד ריעזען, האט ער דיא ערשטע געטראָפען אין דיא וועסט אינדיעס, אונגעפעהר צווישען קובא אונד פאָרטאָ ריקאָ, אונד דיא אנדערע אין דער נאכבאר־שאפט פון דער אינזעל מאדאגאסקאר, וועלכע איז יעטצט בעהעררשט פון פראנקרייך.

צו דער געגענוואַרטיגער צייט פון באהנען, טעלעגראפען אונד טעלעפאָנען, אונד איבערהויפּט, פון שנעל־דאמפּפער, איז פאר דעם איינראָפּעער דיא געגאנטע געגענדען א „שפּאן וועג," וועהרענד אין סוויפט'ס צייטען, איז דאס געווען, וויא מען זאגט בייא אונז אידען „נאך ווייטער פון יענער זייט סמבטיון."

א מאָדערנער שרייבער וואָלט זיך בעסער געוועהלט פיר זיין פאנטאזיע דיא ווייטע הימלישע קערפּערס אונד ער וואָלט דאָרט געפונען זיינע געווינשטע ברואים, אום דורכצופיהרען זיין אויפגאבע. פיעלע האבען עס שוין אויך געטהאָן. סוויפט אָבער, האט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען וויא אזוי ער קען ארונטער נעהמען זיין העלד גוליווער פון דער ערד אונד איהם אוועק טראגען אין דער אונענדליכקייט.

## זיין פּאָליטישער צוועק.

סוויפט, אָבוואָהל א גייסטליכער אונד געלעהרטער, איז ער אויך געווען א וועלטס־מענש.

זיין ביאָגראפיע איז פול מיט אזעלכע ראָמאנטישע עראייגניסע, וועלכע קענען אָנפּילען גאנצע ביכער מיט אינטערעסאנטע מענשליכע שוועכען אונד זשעניאלען שאַרפזינן.

אויב דאס איז אמת, אז יעדער זשעניע האט אויך פיעלע שוועכען, דאן האט עס סוויפט'ן ניט געפעהלט אין קיין שוועכען.

יאָנאטהאן סוויפט איז געבוירען געוואָרען נאכדעם וויא זיין פאטער איז גע־שטאָרבען; זיין ערשטע ערציהונג האט ער גענאָסען בייא זיין אמע, וועלכע איז מיט איהם ענטלאָפען נאך ענגלאנד. נאכדעם איז ער צוריק געבראכט געוואָרען נאך אירלאנד, וואו ער האט דורכגעמאכט דיא רעגעלמעסיגע שולע פון יענער צייט, אָבער ער האט זיך אין דיא שולען ניט אויסגעצייכענט; אין געגענטהייל, ער האט געהאט א נאמען אלס א סטודענט וואס האט ניט געשטודירט קיין איינציגען געגענ־שטאנד וואס דיא פראָפעסאָרען האבען אונטעררירכטעט.

דאגעגען אָבער, האט זיך סוויפט אויסגעצייכענט אלס איינער פון דיא ווילדעסטע סטודענטען, אונד זיינע שפיטצלעך זיינען געוועזן בעריהמט.

נאכדעם וויא ער האט געקריעגען א טיטעל — וואס איז איהם אָנגעקומען מיט גרויסע צרות — איז ער געוואָרען סעקרעטער בייא דעם דאמאליגען ענגלישען דיפלאָמאט אונד פּאָליטיקער סיר וויליאם טעמפּעל, וואו ער האט געמאכט א טיכטיגע בעקאנטשאפט מיט דער עקזיסטירענדער אייראָפּעאישער פּאָליטיק בכלל, אונד מיט דיעזער פון ענגלאנד בפרט.

מיט א פּאאר יאָהר שפּעטער האט ער פערלאָזען דיעזע בעשעפטיגונג אונד צוריק געקעהרט נאך אירלאנד וואו ער איז געוואָרען א גייסטליכער אויף דער רע־קאָמענדאציאָן פון זיינע פּאָליטישע פריינדע.

זיין קאריערע אלס גייסטליכער, איז געוועזן מערקווירדיג דערפאר, ווייל ער האט איבעראל געשפּיעלט א דאָפּעלעס לעבען. ער איז פערבליעבען א פּאָליטיקער, אונד, פּרעדיגענדיג אין דיא קירכען דיא קריסטליכע מאָראל, האט ער דערוויל געשפּיעלט א האלב טוצען ליעבעס מיט ווימען עס האט זיך געמאכט אונד מיט ווימען ער האט געקענט.

איינע פון דיעזע ליעבעס איז געשפּיעלט געוואָרען מיט א געוויסע פרייליין סטעללא, א בעריהמטע שעהנהייט אונד זעהר א געבילדעטע. דיעזע ליעבע איז גע־שפּיעלט געוואָרען אין געהיים יאָהרען־לאנג, מיט דעם וויסען פון דיא העכסטע גייסטליכע, סוויפט'ס פריינדע, אונד האט זיך געענדיגט דערמיט וואס זייא האבען ביידע חתונה געהאט

אָבער מיט א קורצער צייט נאך דער חתונה, האבען זייא אויפגעהערט צו לעבען מיט אנאנדער, אונד סוויפט האט פערבראכט זיין צייט מיט אנדערע פרויענ־צימער. נאָר זייט יענער צייט איז ער געוועזן איין אנדערער מענש אונד זיך געשפּירט

זעהר אונגליקליך. מען בעהויפּטעט, אַז דיא אורזאַכע דערפון איז, וואס ער האט ערפאהרען, אַז ער זעלבסט איז דער זוהן פון סיר ווילליאַם טעמפּעל, אונד סטעללא, זיין פרוי, איז סיר ווילליאַם טעמפּעל׳ס א טאָכטער.

אום זיין שמערץ צו אונטערדריקען, האט ער זיך נאָך אמאל געשטירצט אין דער ענגלישער פּאָליטיק, וועלכע האט דאַמאַלס געבילדעט צוויא פּארטייען, דיא וואהיגז אונד דיא טאָרים. סוויפט איז געוועזען א טאָרי אונד אין קעניגין אַננאַ׳ס צייטען וויא אויך אין א היבשער רעגיערונגס־צייט פון קעניג געאָרג I, האט ער געהאט א גרויסען איינפלוס אין דיא פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען פון ענג־לאַנד.

גוליווער׳ס רייזען, ווען מען שטודירט זייא נאָר מיט א קריטישעס אויג, בעמערקט מען זאָפאָרט במעט א פאָלשטענדיגעס בילד פון דעם דאַמאַליגען ענגלישען הויף, אונד מען קען אויך לייכט צופּאַסען דיא נעמען פון דיא מיניסטאָרען (איבער־הויפּט אין דיא „קליינע מענשעלעך״) צו דיא מיניסטאָרען פון קעניגין אַננאַ׳ס צייטען אונד אויך פון איהר נאָכפאָלגער געאָרג I.

דאס איז געוועזען זיין פּאָליטישער צוועק, צו טרעפען זיינע שונאים, אָדער דיעזע, וועלכע ער האט גערעכענט אַלס צו דום אום דיא מאַכט פון רעגיערונג זאָל זיין אין זייערע הענד.

אונד דער זעלטענער סווי׳ ... איז זאָנסט אויך געוועזען א גרויסער מענשען־קענער, אונד אין זיינע פאַנטאַזיע־רייזען, וואו ער שילדערט דאָכט זיך פּערזאָנען, וועלכע עקזיסטירען גאָר ניט, געפינען מיר פיעל מעהר נאַטירליכקייט, וויא אין מאַנכע מאָדערנדע „רעאַליסטישע״ שרייבער.

**ע נ ד ע.**

